NUMBER 3 1923

# MILGROIM

## A YIDDISH MAGAZINE OF ART AND LETTERS

Editors Dr. M. Vishnitzer and M. Kleinman.

Art Editor Rachel Vishnitzer.

### CONTENTS.



THE DESIGN ON THE COVER AND ALL THE REPRODUCTIONS OF THE WALL PAINTINGS IN THE SYNAGOGUE OF MOHILEV HAVE BEEN MADE FROM COPIES BY EL LISSITZKI. THE REPRODUCTIONS OF WALL PAINTINGS IN THE SYNAGOGUE OF HORB HAVE BEEN MADE FROM COPIES BY M. HOEFLE.

העפט 3 | 1923

# מילגרוים

## צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

ליטעראַרישע רעדאקציע
ד״ר מ׳ ווישניצער און מ׳ קליינמאן

קונסט רעדאגירט פון
רחל ווישניצער־בערנשטיין

## אינהאלט



די ארטיקעלן פון טעפּליץ, ע. ל., בערלעווי, פאטקין,
גאסטער און ביאליק זיינען איבערגעזעצט
פון מאנוסקריפּט דורך
מ. קליינמאן.

דאס בילד אויףʼן שערבלאט איז פון
די מאלערייען אין דער מאָהליווער
שוהל. * די בילדער פון דער מאָהלי־
ווער שוהל זיינען רעפּראָדוצירט
פונʼם אָריגינאל דורך א. ליסיצקי.

גערדרוקט אויף קונסטדרוקפאפיר פון דער פירמא שויפעלן אין אויבערלענינגען (ווירטעמבערג) אין דער קונסטדרוקעריי פון
Dr. Selle & Co. A.-G., Berlin SW 29, Zossener Str. 55



די מזרח־וואנט פון דער שוהל אין האָרב, פונ׳ם 18 טען יאָרהונדערט. אויס דער באמבערגער בילדער גאלעריי, מיט ערלויבניש פון באמבערגער שטאָטראט.

MURAL PAINTING IN THE SYNAGOGUE OF HORB ON THE EAST SIDE. 18th CENTURY. ART GALLERY, BAMBERG.
BY KIND PERMISSION OF THE MUNICIPAL COUNCIL OF BAMBERG.

# פון דער פאָלקסקונסט.

## שוהלן־מאָלעריי.

די שוהלן־מאָלעריי איז איינס פון די אינטערעסאנטעסטע קאַפּיטלן אין דער יינגער יידישער קונסטפאָרשונג. אַז דאָ האָט מען צו טון מיט אַ גאנץ היבש פאַרברייטעטער קונסט־געוואוינהייט, באווייזן די פילע פארבליבענע ווענט־ און סטעליע־מאָלערייען. מ׳טרעפט זיי אין די שוהלען פון גאַליציע, פוילן און ווייסרוסלאַנד און אויך — ווי ס׳האט זיך ארויסגעשטעלט אין די לעצטע יאָרען — פון דייטשלאנד, באַזונדערס אין דער מאַין־געגענד.

פארן יידישן קונסט־פאָרשער איז עס א פרייליכע איבערראשונג, וואס ער קאָן פעסטשטעלן, אז די שוהלן־מאָלערייען זיינען ניט עפּיס אַ צופעליגע און פון אָרטיגע איינפלוסן אָפּהענגיגע זאך, נור דוקא א דייטליך געשטאלטעטע קונסטארט, וועלכע האט איר אייגענע פעסטע טראַדיציע און א אייגענעם אוצר פון אינהאַלטן און פאָרמען.

די פאַרבליבענע מאָלערייען געהערן אלע בערך צו איין און דער זעלבער צייט. אשכנזישע שוהלן פון דער ראָמאַנישער צייט זיינען אונז ניט פארבליבן און מיר קאָנען ניט וויסען צי מען פלעגט שוין דעמאָלט זיך נוהג זיין צו באַמאָלן די פרייע שטחים פון די ווענט. די פילע שוהלן, וואס זיינען געבויט אין גאָטישן סטיל האָבן, פונקט אזוי ווי די קריסטליכע קירכן פון דעם זעלבן סטיל, ניט געגעבן קיין פלאַץ פאר אַ זעלכע מאָלעכצן, וויל אין דער גאָטיק ווערט דאָס געביי פאַרפאלן צווישן די שלאנקע זיילן און ריזיגע פענסטער און טויערן, אזוי אז די מאַסיווע וואנט פארשווינדט לחלוטין פונ׳ם אויג. די וואנטמאָלעריי בא די קריסטן וואנדערט דעריבער אין די דאָזיגע קירכען אריבער פון דער מויער אויף די גלעזערנע פענסטער און עס אַנטוויקלט זיך אזויערנאָך די הערליכע גלאַזמאָלעריי. פון א יידישער פענסטער־גלאַז־מאָלעריי איז אבער צו אונז גאר ניט אנגעקומען.

אין דער צייט פון רענעסאנס דערגרייכט ווידער די מאַסיווע וואנט צו איר רעכט. פון יענער צייט זיינען פארבליבן אייניגע אויסגעמאָלטע שוהלן אין איטאליע. די שוהל פון רבי יצחק אין קראַקאָ, וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרן אין די לעצטע יארן פון דער רענעסאנס (1640) גיבט אונז געמעהלן פון לאַנדשאַפטן (מערת המכפלה, שטאָדט חברון ירושלים א. א. וו.) און אין אייניגע אנדערע ערטער געפינט מען אויך אויסמאָלונגן פון די מזלות. אין קראָקוער בית־מדרש, וועלכער שטאַמט אודאי אויך פון יענער צייט, געפינט מען אפילו מענשישע פיגורען אויך. מיר זעהן דאָרט אלס וואנדפרעסקעס די עקדה פון יצחק׳ן, די תבה פון נח׳ן און א לאַנדשאַפט, וואס דינט אלס אילוסטראַציע צום פסוק פון תהלים קאפּיטל קל״ז, ב.

די דאָזיגע טראדיציע, אזוי ווי זי פלעגט נוהג זיין אין די געמויערטע שוהלן, איז אריבער אויך אויף די פון האָלץ געבויטע סינאגאָגן. סטעליע און ווענט ווערן מיט צווייגן־באַפּוצונגען, מיט פסוקים, און צווישן זיי צעוואָרפענע חיה׳שע און מענשישע פיגורען, כמעט אינגאנצן איבערגעצויגן, בערך אזוי ווי די מורישע מאָלעריי, אבער לחלוטין אריגינעל און כאראקטעריסטיש הן מיט די פארבן והן מיט דער צייכנונג. די צווייגן־באַפּוצונגען ציהען זייערע מאָטיוון פון דער אַראַבעסקע, פונ׳ם ווייַנשטאָק און פונ׳ם עץ־החיים. די ארייַנגעוואָרפענע שריפטמאָלעריי שטעלט פאָר תפלות און ברכות, וועלכע קאָנען פון דער וואַנט אראָפּגעליינט ווערן, אָפּטמאל



מערב־וואנט פון יאבלאָנאווער שוהל, 17 טער יאָרהונדערט. אויס די בעריכטן פון דער קאָמיסיע אויסצופאָרשן די קונסטגעשיכטע אין פולין, קראקאָ, 4 טער באנד.
MURAL PAINTING IN THE SYNAGOGUE OF JABLONOW. WEST SIDE. 17th CENTURY. FROM "REPORTS OF THE COMMISSION FOR INVESTIGATING THE HISTORY OF ART IN POLAND", VOL. IV, CRACOW.

אויך מוסר־ווערטער און געדאַנקן פון תהלים (כ״ג, כ״ה, קט״ו, קט״ז א. א.) בשעת אבער די מוירישע מאָלעריי שטעלט צו־מייסטן אריין די שריפט אין דער אַראַבעסקע, זיינען די שריפט־שטעלן דאָ על פי רוב פאר זיך באזונדער ארומגעראַמט און שטעהן ניט אין פאַרבינדונג מיט די באפוצונגן. די סאַמע באליבטע מאָלערישע מאָטיוון בא די פוילישע שוהלן זיינען פאָפּאגייען, שלאַנגן, ים־פערד און קעמלען און אויך אנדערע עקזאָטישע משונה׳דיגע חיות.

א אָנזיכטיג בילד פון אָט די וואַנד־געמעלעכצן געבן די פאָטאָגראפיעס פון דער, בערך אין די יארען 1650—1670 אויס־געבויטער שוהל פון יאַבלאָנאָוו ביים פּרוט. איבער אלע פיער וואנד פונ׳ם בעט־הויז צעשפרייט זיך א פיעלפארביגע באמאָלונג, וועלכע ציהט אריין קונציג אין איר קאָמפּאָזיציע די פענסטער, די טירען און דעם ארון־קודש. עס מערקט זיך א גוט־פארטראכטער פלאן, וועלכער ווערט דא, ווי עס שיינט, שוין ניט צום ערשטן מאל פארווענדעט, נאָר מוז שוין האָבן הינטער זיך א געוויסע אנטוויקלונג. יעדע וואנט איז איינ־געטיילט אין פינף מיטן קאנט אויפגעשטעלטע רעכטעקיגע שטחים, פון וועלכע דער מיטעלסטער צייכענט זיך אויס מעהר פון אלע. אין דער מזרח־וואנט פארנעמט אים דער ארון־קודש, אין דער צפון־וואנט — דער שלחן לחם הפנים, אין דרום — די זיבן־רעריגע מנורה. די דאָזיגע זאכן זיינען אמאָל אזוי אין דער אָרדנונג געשטאנען אין בית־המקדש, און אזוי ווי די שוהל איז, לויט די גמרא רופט זי אן, דער „מקדש מעט", פלעגט מען זיי דעריבער אין דערזעלבער אָרדנונג אויסמאָלן אויף די ווענט אין די געהעריגע הימעל־ריכטונגען. אין מערב פארנעמט דער אריינגאנג דעם אונטערשטן טייל פון יענעם מיטעלסטן ברעט, אויף׳ן אייבערשטן טייל אָבער איז אויסגעמאָלט א געעפנעטער טויער, אויף וועלכן

עס שטייט אָנגעשריבן דער מאמר פון דער גמרא: „כל השערים נעולים, שערי דמעה לא ננעלין", ד. ה. אלע טויערן צום הימעל זיינען געשלאָסן, אבער ניט די טויערן פון טרערן, דורך וועלכע א האַרציגע תפלה מוז זיך דורכברעכן א וועג צום כסא־הכבוד.

אויף די צוויי ברעטער צו ביידע זייטן פון דעם מיטעלסטן שטיק, אַזוי ווייט ווי זיי ווערן ניט פאַרפילט דורך די פענסטער אדער אריינגעצויגן אינם געמעלעכץ פון אויבן, זיינען אויס־געשריבן תפלות און ברכות, פסוקים פון תנ״ך און געדענק־אויפשריפטן. אין מזרח שטעהן צוויי גלייך־ליניג אויסגע־שטעלטע געמעלעכצן, וועלכע שטעלן פאָר טורמען און קופּעלן. פון זיי מוז מען קלערן, אַז די לינקע זייט שטעלט פאָר די שטאָדט ירושלים, ווייל אונטער אים שטעהט דער פסוק פון תהלים קכ״ב, און אונטען שטעהט א פוקס, וועלכער האַלט א גאנז אין פּיסק און א הירש וואס קייט גראָז און צוויי צאפּעס. דאָס בילד פון דער רעכטער זייט לאָזט זיך אויסטייטשן, לויט די איבערשריפטן, אוף די הייליגע קברים פון די אבות, אונטן שטעהן ווייטער צוויי פיקסען.

אין צפון־זייט זיינען אויף דער לינקער זייט אויסגעמאָלט אלע חיות, וואס ווערן דערמאָנט אין דעם ציטאט פון פרק, וואס דאָרט שטעהט אויפגעשריבן, נעמליך: „הוה עז כנמר, רץ כצבי, קל כנשר ועז כארי לעשות רצון אביך שבשמים (אבות ה׳, כ״ג).*) אוף רעכטס שטעהט א האלבקרייז מיט א רייכער באפוצונג פון בלומען און צווייגן, וועלכער ווערט געהאלטן פון ביידע זייטן דורך צוויי לייבען, און אונטן — פיער פערד.

*) אויף יידיש: זיי שטארק ווי א לעמפערט, געשווינד ווי א הירש גרינג ווי א אדלער און קרעפטיג ווי א לייב צו טון דעם ווילן פון דיין פאטער אין הימעל.

עהנליך צו דעם איז אויך דאס בילד פון דער דרום וואנט,
נור אנשטאט די לייבן שטעהן דאָרט אינ׳ם לינקן ברעט
עפּיס א מין פיר־פיסיגע חיות עהנליך צום גרייף אבער אָהן
פליגעל, און אויף רעכטס — בערען.

אינטערעסאנטער פון אלע זיינען אודאי די באמאָלעכצן
פון דער מערב־וואנט. לינקס שטעהן צוויי הירשן מיט
געוואלטיג גרויסע הערנער, אין דער מיט א עלפאנט, וואס
טראגט אויף זיך טורמן, אונטען צוויי פּאָרליך ים־פערד
וואס יעדעס פון זיי האלט א ראד. אויף רעכטס פונ׳ם מיטעל־
שטיק זעהן מיר: אין דער מיט א בוים אויף וועלכן עס
קלעטערן צוויי בערען, בא די זייטן א צווייגען־געפלעכט מיט
א רויב־פויגעל, וואס פארנעמט זיך אויפצופרעסן א האָזיל,
דאן א שטאָרך ארומגעדרעהט פון א שלאנג. (זעה בילד ז׳ 2)
כאטש ס׳איז זעהר לייכט צוצוגעבן די דאזיגע בילדער א
געוויסע כוונה, למשל: דער שטאָרך קאן פאָרשטעלן פרומ־
קייט, דער פוקס מיט דער גאנז — דאס יידישע פאָלק אלס
רויב אין מויל פון די פעלקער און דעסגלייכען, דארף פון
דעסטוועגן דאָ ניט, ווי אין גלייכע פאלן פון דער אלטקריסט־
ליכער קונסט, אויפקומען דער געדאנק פון אזא מין אילוסטרירונג.
אפילו ניט דאָרט, וואו דער צוזאמענהאנג צווישן טעקסט און,
בילד זיינען גאר אנזינ-טיג, אזוי ווי למשל ביי יענעם ציטאט
פון פרק. פיעל ריכטיגער זעהט מען פון א פארגלייך מיט
די מיניאטורן פון העברעאישע מאנוסקריפּטן, אז דא האט
מען צו טון איינפאך מיט דער באנוצונג פון אלטע טיפּן,
וועלכע האבן דא ווי דאָרט געדינט אלס מאָטיוון פאר דעקאָ־
ראציע. פון די לעצטע יאָרען פון דער אנטיקע קענען מיר
אזעלכע באפּוצונגס־מאָטיוען פונ׳ם שטיל־לעבן, פאר וועלכע
מ׳טראכט ערשט שפּעטער צו, און דאס זעהר געמוטשעט,
עפּיס א טעקסט (אזוי ווי עס טון נאָך היינט איינינגע קריסט־
ליך־געפארבטע ארכעאָלאָגען). אנדערש נאטירליך שטעהט
עס מיט די אויסמאָלעכצן פון טעמפּלען, טעמפּעל־כלים און
אנדערע הייליגע מקומות און געגענשטאנדן, בא וועלכע עס
איז איבריגענס גלייך צו באמערקן די ארכאיסטישע אָדער
אנאטוראליסטישע כוונה זייערע.

פון אזא איבערלעגונג קומט מען אבער צום וועג, וועלכן די
דעקאראציע האט דורכגעמאכט ביז יאבלאָנאָוו. די אשכנזישע
האנטשריפטן, אזוי ווי מיר קענען זיי, למשל, פון דייטשלאנד,
האבן זיכער דעם אונבאקאנטן מייסטער אנגערעגט. די
דאָזיגע געירשעטע קונסט זיינע האט דאן געליטן א קליינע
אבנייגונג דורך זיין סביבה און דעם סטיל פון זיין צייט
וועלכע ער האט געוויס ניט סיסטעמאטיש שטודירט, נור
פשוט אָפט געזעהן אויף די טעקסטיל־געוועבן און גאָלדשמיד־
ארבייטן און אנדערע קונסטגעווערבליכע מוסטערן. געוויסע
אָריענטאליזמען דארף מען ניט גלייך אויף׳ן חשבון פון
יידישער אייגנארט פארבוכן; מ׳געפינט זיי איבעראל אין
דער קונסט פון יענער צייט, וועלכע פלעגט אלעמאל ווידער
באקומען השפעה פונ׳ם אָריענט.

ווער ס׳איז געווען דער קינסטלער פון יאבלאָנאָוו איז ניט
באקאנט, כאָטש זיכער מוז זיין, אז ער איז געווען א ייד
אזוי ווי א ייד איז עס געווען דער מאלער פון די דריי
פראנקישע שוהלען אין בעכהאָפען, האָרב און
קירכהיים.

אין 17־טן יארהונדערט זיינען די פוילישע יידן געוועזן
געצוואונגן דורך שלעכטע פרנסה־פארהעלטנישן אויסצו־
וואנדערן פון דעם לאנד, וואס האט זיי אמאל אַזוי גאסט־
פריינדליך אויפגענומען, און זוכן אנדערע ערטער זיך צו בא־
זעצן. א גרויסער טייל פון די דאָזיגע עמיגראנטען האט זיך
באזעצט אין פראנקען, אזוי אז שוין אם ענדע פון 17־טן
יארהונדערט געפינען מיר דאָרט א סך נייגעגרינדעטע יידישע
קהלות. אין בעכהאָפען, ניט ווייט פון אַנסבאַך, ווערט אין
יאר 1564 נור איין ייד דערמאָנט, און אין יאר 1607 איז דאָרט
שוין דא א יידישער בית־עולם און 1681 שוין א שוהל. קאן
זיין טאקי אט די שוהל וואס שטעהט דאָרט נאָך ביז היינט
און וואס לויט איר איבערשריפט איז זי אויסגעמאלט געוואָרן
פון אליעזר זוסמאן בן־שלמה. פון דעם זעלבן מייסטער
שטאמט דאס געמעל פון דער שוהל אין האָרב, ניט ווייט
פונ׳ם שטעטיל קיפּס בא באמבערג, וועלכעס איז פארענדיגט
געוואָרן אין יאר 1707 און די שוהל פון קירכהיים בא ווירצ־
בורג פונ׳ם יאר 1739 ביז 1740.(*

בנוגע די אָנגעצייכענטע דאַטען פון די מאלערייען רעכענען
מיר, אַז אין זיי האבען זיך ביי די שפּעטערדיגע איבער־
מאָלונגען ארייגעכאפּט טעותים, דען ס׳לעגט זיך ניט אויף׳ן מה,
אַז דערזעלבער מאָלער זאָל האָבען געמאָלט 1666 אין
בעכהאָפן (לויט׳ן עדות פון דער אויפשריפט) און 1707 און
1739/40 אין די אַנדערע ערטער. דערפאַר אבער איז שווערער
מעגליך א טעות אינ׳ם נאָמען פונ׳ם מאָלער און מיר נעמען אָן,
אַז עס איז ווירקליך געווען דער זעלבער מאַן, אָבער ניט
אין אַזאַ ווייטן אָבשטאַנד פון די יאָרען צווישן איין שוהל
און דער אַנדערער. אין קירכהיימער שוהל גיט זיך דער
דאזיגער אליעזר זוסמאַן צו דערקענען אַלס זוהן פונ׳ם
פאַרשטארבענעם בראָדער חזן רבי שלמה ז״ל און דערמיט
ווערען מיר געוואָר, אַז ער איז געווען איינער פון די פון
פוילען איינגעוואַנדערטע יידן. אַז דער מאָלער פון אלע
דריי שוהלען איז איינער געווען, איבערצייגט מען זיך ניט
בלויז פון די אויפשריפטן, נור הויפּטזעכליך פון דעם, וואָס
אין אַלע באַגעגענט מען זיך מיט איין און דעם זעלבען אוצר
פון מאָטיוועו און סטיל פון די טיפּען. דאָס קרובה׳שאַפט
פון זיין קאָמפּאָזיציע אין מאָטיוועו מיט דעם מאָלעכץ פון
יאַבלאָנאָוו וועט זיך באווייזן פון דער גענויערער באשרייבונג.

די שוהל פון בעכהאָפען איז אַ ניט־אָנזיכטיגעס האָלץ־
געביי פון $8\frac{1}{2}$ מעטער די לענג און 9 מעטער די ברייט, אָן
וועלכער עס שפּאַרט זיך אָן פון מערב זייט אַ קליינע
וואוינונג, אויפגעבויעט פון פאַכווערק. אונטער דיזער וואוינונג
געפינט זיך די ווייבערשע שוהל, אפּגעטיילט ;אויף דער פלאכער
ערד פון דער מענערשוהל דורך אַ גראַטע. אין דער מיט
שטעהט אַ הילצערנער אלמעמאָר, וועלכער האָט, ווי
מ׳דערצעהלט, נאָך אין יאהר 1860 אויסגעזעהן ווי אַ חופּה;
מ׳דערקענט נאָך די סמנים פון די איצט דערווייטערטע
דריינגליך. די אַלטע שטענדערס שטעהן נאָך און געבען
צו דעם גאנצען רוים יענע געמיטליכע שטימונג, וועלכע
פעהלט אַזוי אין אונזערע היינטיגע, מאָדערנע סינאַגאָגן.

*) די ידיעות האט אונז פריינדליכסט צוגעשטעלט הער פּראָפעסאָר פּאָרגעס
פון ווירצבורג.



סטעליע-געמעל פון דער האָרבער שוהל, 18 טער יארהונדערט. אויס דער באמבערגער בילדער-גאלערייע, מיט ערלויבניש פונ׳ם באמבערגער שטאָטראט.

DECORATION OF THE VAULT IN THE SYNAGOGUE OF HORB. 18th CENTURY. ART GALLERY, BAMBERG.
BY KIND PERMISSION OF THE MUNICIPAL COUNCIL OF BAMBERG.



א שטיק פונ׳ם סטעליע-געמעל אין מאָהליווער שוהל· 18 טער יארהונדערט·

DETAIL FROM THE DECORATION OF THE SYNAGOGUE OF MOHILEV ON THE DNIEPR. 18th CENTURY



מערב־וואנט פון האָרבער שוהל. 18 טער יארהונדערט. אויס דער באמבערגער בילדער־גאלערייע. מיט ערלויבניש פונ׳ם באמבערגער שטאָטראט.

MURAL PAINTING IN THE SYNAGOGUE OF HORB ON THE WEST SIDE. 18th CENTURY. ART GALLERY, BAMBERG. BY KIND PERMISSION OF THE MUNICIPAL COUNCIL OF BAMBERG.

די סטעליע ווי פון אַ האָלץ־פּאַס, די ווענד, דער ארון־קודש, זיינען מיט שפּילענדיגע פארבן דורך און דורך באַמאָלט. אויב די אין יאהר 1914 דורכגעפיהרטע רעסטויראציע פון דער זעהר פאָרזיכטיגער „בייערישער דענקמאַלפלעגע" האָט דאָרט גאָר ניט געענדערט, דאַרף מען דאָרט פיהלען אַזוינס וואָס דערמאָנט מיט דער לייכטקראפט און פארבען־געבונג, דעם פויערשן אופן פון מאָלען. באַזונדערס שען איז דער אָנבליק אין דעם אינעווייניגסטען פון דער שוהל אין א פריהער מארגענשטונדע פון אַ העלען טאָג, ווען מ׳קאָן זעהן ביז צו די ווייטסטע ווינקלן, און דאָס גאנצע קאָן אנגעזעהען ווערען מיטאַמאָל; אַ פארגעניגן, וואָס מ׳קאָן נור זעלטען האָבן. מחמת דעם טאקע איז ניטא קיין איינציגע לחלוטין גוטע פאָטאָגראפישע אויפנאהם פון דאָרטען און מ׳מוז זיך באגניגן נור מיט אַ בלויזער באשרייבונג פון דער מאָלעריי.

די ווענט זיינען הויכקאנטיג געשטעלטע רעכטעקען (לענגליכע ברעטער), וועלכע זיינען פארנומען מיט מאָהלעכצן און אויפשריפטען, מיט די פענסטער און דעם ארון־קודש, מיט בילדער פון דער מנורה און דעם שלחן לחם הפנים. איבער זיי לויפט איין לייסט מיט אויפשריפטען און איינע מיט בלומענווערק, אין מערב און אין מזרח פילט אויס אַ פינפטייליג בילד דעם נאָך פארבלייבענדן שטח ביז צום געוועלב, אין צפון און אין דרום דאגעגען הייבט דאָס געוועלב זיך אָן גלייך ביי די לייסטען.

אין דער מזרח־וואנט שטעהען אויסגעמאָהלט אין דער זייט פונ׳ם פענסטער, אין דער מיט — לייבען, וואָס בלאָזען פון טראָמפּייטען, דאן רעכטס: טראָמפּייטען, אַ שופר, און אַ פלאכע וואזע, און אין נאָהנטסטן פעלד אַ ווידער (באראן) פארפאנגען אין אַ צווייגען־געפלעכט; לינקס ווידער, אין דעם זעלבען סדר, פרוכטן אין א פלאכער וואזע, דאן א פּאלמעטע, וואס וואקסט ארויס פון אַ וואזע.

אין דער מערב־וואנט פארנעמט דאָס מיטעלשטיק אַ אויפשריפט איינגעפאסט אין א קראנץ, וועלכע עס האלטען צוויי אין טראָמפּייטען בלאזענדע לייבען; רעכטס שטעהן: א פלאכע פרוכטען־שאָל מיט בלומענווערק, דאן א אויסמאָלונג פון ירושלים, און לינקס: א פלאכע בלומענוואזע, דאן א צווייגען־געפלעכט. (זעה ז. 1.)

די סטעליע איז איבערגעצויגן מיט רייכע געפלעכטן פון בלומען און צווייגן, צווישן וועלכע עס זיינען צעזייהט פעגעל און פירפיסיגע ברואים. די מיט, געגנוי איבערן אלמעמאר, איז באמערקט דורך א קרייזפאָרמיגער קאָמפּאָזיציע מיט די זעלבע מאָטיוועןֹ.

אלע אומראהמונגען פון די אויפשריפטן און בילדער זיינען רייך באפוצט מיט בלומענווערק אָדער מיט זיילען און וואזען, וועלכע דערמאָנען זעהר די באפוצונגען פון די איטאליענישע מגילות.

די צעטיילונג פון די ווענט איז בכלל עהנליך צו דער שוהל פון יאבלאָנאָוו, נור דאָ ווערען זיי, צוליב דעם געמעל פון דער סטעליע, אביסעל אפּגעשטופּט אָן א זייט. דאָס דאָזיגע סטעליע־געמעל לאָזט זיך באזונדערס גוט שטודירען אין דער שוהל פון האָרב, פון וועלכער מיר האבען דריי אָפּבילדונגען, פון זיי געבן אונז צוויי איבער דעם פארביגן איינדרוק פון דער סטעליע (זעה בילד ז׳ 4) און פון דער מערב וואנט (בילד ז׳ 6) און די דריטע צייגט די מזרח־וואנט מיט די קינסטלערישע אויפשריפטן אויף איר (בילד ז׳ 1).

די שוהל פון האָרב איז געלעגן אין ערשטן שטאָק פון א לייהמענעם בנין, וועלכער האָט אויך געדיענט פאר א דירה. אייגענטליך וואָלט מען זי געדארפט גיכער רופען א „שטיבעל". זי האָט בלויז 8 מעטער אין דער לענג, 5 אין דער ברייט און 5½ אין דער הויך. און פאָרט — אויך דאָ א רייכער קינסטלערישער אויפפוץ, וועלכער שטימט בכלל מיט דעם

געמעל פון בעכהאָפען. די קאָמפּאָזיציע דערמאָנט די טעקסטיליען־ארבייט, דאס הייסט: דער וואנד־באַפּוץ איז ניט אויפגעטיילט שטרענג אין פעלדער, נור מער ווי טעפּיכן געהאלטן. פאָרט אבער דערקענט מען אין די מאָטיוועז און אין סטיל די זעלבע האנט, וואָס אין בעכהאָפען. אם שטארקסטן שפּירט מען די דאָזיגע איינהייטליכקייט אין דעם סטעליע־געמעל, וועלכע אונטערשיידעט זיך נור דורכדעם, וואס דא זיינען די אומראמונגען אין דעם מיטעלרונד איבערן אלמעמאָר פון רעכטעקן, וואָס ליגן מיט זייער לאנגער זייט אין דער ריכטונג פון דער שוהל־לענג.

אויך אין קירכהיים ווארפט זיך אין די אויגן די עהנליכקייט פון דער סטעליע־קאָמפּאָזיציע, בשעת אויף די ווענט איז צו מערקן וויכטיגע שנוים. די דאָזיגע שנוים קומען אודאי פון דער פארענדערטער גרויס פון דער דאָזיגער שוהל אקעגן יענע, וואָס ס'האט געצוואונגן דעם קינסטלער אָנצופילן ניט גלייכע שטחים מיט מעגליכסט גלייכן בילדער־אינהאלט און דערביי יעדע זאך שטעלן אויף זיין אָרט, פונקט אקוראט ווי אין יענע שוהלן.

די שוהל פון קירכהיים האט זיך אויך געפינען אין א הויז, וואס איז אונטען באוואוינט, און איז, לויט דער גרויס, געוועזן נאך באשיידענער. סך הכל $5\frac{1}{2}$ מעטער אין דער לענג, $6\frac{1}{2}$ אין דער ברייט. אויך דא א האָלצערנע פאס־סטעליע, די ווענד ליימענע געשטוקאַטורעוועטע, ביידע רייך באמאָלט. די ווייבערשע שוהל אין צפון זייט איז אפגעטיילט דורך א ברעטער־וואנט, אין וועלכער עס געפינט זיך א האָלצערנע גראטע, דער צוזאמענשטעל און דאס אויסזעהן פונ'ם ארון קודש, פון די שטענדער און פונ'ם אלמעמאָר — אזוי ווי לכתחלה אין בעכהאָפען. מחמת דעם וואס די ברייט פון דער שוהל איז דא גרעסער, זיינען די בילדער געריכטעט מעהר צום האָריזאָנט, וועלכעס ווארפט זיך באזאָנדערס אין די אויגן בא דעם דאָ צווייסאל פאָרקומענדען בילד פון ירושלים. דאגעגן פעהלן דער שלחן לחם הפנים און די מנורה. דער ערשטער וואָלט געמוזט פאלן, בא דער דאָזיגער פארטיילונג, אויף דער וואנט פון דער ווייבערשער שוהל.

אין קירכהיים זיינען אם מייסטן אויפשריפטן מעהר ווי בילדער. מעגליך אז דאָס איז געוועזן דער וואונש פונ'ם באַשטעלער, ובפרט, אז מיר זעהען, אז דאָרט פעהלן אויך אויף דער סטעליע די צורות פון די חיות. עס שיינט, אז דאָ קומען מיר שוין צום סוף פון א קונסטאיבונג, וואס זיין ערשטע און גרעסטע שאפונג טרעט ארויס אין בעכהאָפען.

נעמען מיר צונויף אינאיינעם דאס גאנצע ווערק פונ'ם מייסטער זוסמאַן, איז א חוץ זיין פאָרמען־ און פארבן־רייכקייט, באזונדערס צו שטוינען איבער זיין געשיקטקייט ביים אויסמאָלן די חיות־וועלט. אָן ספק ארבעט ער נאָך די טיפן פון די האנטשריפטן, אבער צום טייל אויך נאָך די, וואס זיינען ערשיענען אין די רענעסאנס־דרוקען. געלונגענער אבער קומען בא אים ארויס די צורות, וועלכע כאָטש פון יענע פאָרבילדער גענומען, האט ער אבער געקאנט פארפאָלקאָמנען זיי פון דער נאטור. די דאָזיגע קומען ארויס בא אים מערקליך אנדערש ווי די, וועלכע ער האט אין לעבן קיינמאל ניט געזעהן. דאָ קומען קודם־כל אלע מינים געפליגעלטע, וואס דער לאנד־ייד האט געקענט פון זיין אייגענער טעגליכער סביבה. אין האָרב צייגט ער אונז אונטן אויף'ן בילד, למשל, צוויי שטרייטענדע העהנער און אין אנדערע ערטער קאַטשקעס, געגנז און קאַפּהענער. אבער אויך די וואלד־ און פעלדפויגל קומען אלע מאָל פאָר אין האָרב און אין בעכהאָפען און ער שטעלט זיי פאָר זעהר לעבעדיג. פון די פיערפיסיגע איז אים דער האָז צום מייסטן צו דער האנט און ער ווייזט אים אלע מאָל אין אן אנדער פאָזע. אויך מיט'ן פוקס קאָן ער זיך נאָך א רעכטע עצה געבן. קומט אבער צו דער ווילדער ציג, מוז ער שוין אָנקומען צו זיינע פאָרלאַגען, (א עהנליך פאָרבילד האט געמוזט האבן פאר זיך אויך דער מייסטער פונ'ם ארון קודש אין אוזלען אין אנהויב פון 18 טען יארהונדערט), און באם טורם־טראגענדען עלפאנט ווערט דער שלים־מזל פונ'ם נאָכמאכער שוין גאר קאָמיש; מייסטער זוסמאן זעצט ארויף אים הינטן אויף'ן פאנצער, וועלכער באקומט בא אים א עהנליכקייט עפּיס ווי פו'ן א חזיר, א אמת'דיג גרויסעס שטאָקיג הויז. אלע חיות עהנליך צום לייב און צום אײנהאָרן קומען בא אים ארויס ווי די צורות אויף די שטעמפלען. בא זיי און אויך בא די צורות פון די אייגנארטיגע ברואים, ווארפן זיך אין אויג זייערע מענשליכע פנים'ער. דעם דאָזיגן אַנטראָפּאָמאָרפיזם געפינען מיר שוין אין יאַבלאָנאָוו אויך, און ער לאָזט זיך ערקלערן ווי אַן הלצה פונ'ם מאָלער אויף די גבאים מיט חיה'שע נעמען, אלס א אַנטשעדיגונג דערפאר וואס מ'האט ניט געטאָרט מאָלען קיין מענשליכע צורות. אָדער אפשר אלס א איבערגעקעהרטע נאכמאַכונג נאך דעם פון וואָרמסער מחזור באקאנטן מנהג, לויט וועלכן מ'האט געמאָלט מענשן מיט חיה'שע אדער פויגעל'שע קעפּ. (זעה די בילדער אין „מילגרוים" 2 טן העפט).

אויך אויסערדעם איז דאָ דאָרט גענוג ארכאיזמען. באזונדערס מאכט די אויסמאָלונג פון ירושלים א זעהר אלטערטימליכן איינדרוק און דערמאָנט שטארק די מיניאטור־מאָלעריי פונ'ם מיטעלאלטער, כאָטש אויך שפּעטערע פאָרמען זיינען דאָרט פארמישט. די בלומען מיט די לאנג אויסגעצויגענע העלזליך דערמאָנען זעהר לעבהאַפט די שפּעטגאָטישע צייטן, איינגע בליטן — אפילו נאך עלטערע, כאָטש דער כלל־איינדרוק איז דורכאויס פון באַראָק.

אָט אזוי האָט זיך פאַרוועבט אַלטס מיט נייס, אַסך זאַכן זיינען אייגענזיניג איינגעהאלטן געוואָרן, אנדערע ווילקירליך געענדערט געוואָרן, — עס איז דער אייגענארטיגער פּרוב צו געפינען א סינטעזע צווישן דעם, וואס איז שוין היסטאָריש געוואָרן און צווישן די פאָרדערונגען פונ'ם טאג. בכל אופן ליגט קלאָר פאר די אויגן די טראדיציע פון דעם טיפן־אוצר, און אויך בנוגע צום סטיל באווייזט א פארגלייך מיט די קרובה'שע קליינמייסטער, אז מ'קאן בשום אופן דא ניט רעדן פון א דירעקטער באאיינפלוסונג. העכסטענס האבן די אָרנאַמענטשטעכער היינריך ראַאַב, (געלעבט 1648) און יאָהאַן האַניאַס, (געלעבט 1650; ביידע אין נירנבערג), וועמעס ארבייטן זוסמאַן האט אפשר געזעהן, — געקאָנט האבן אויף אים עפּיס אַן איינפלוס.

אליעזר זוסמאן, דער זוהן פונ'ם בראָדער חזן, וועט צווישן די מענער, וועלכע האבן געדינט דער דעקאָראַציע־קונסט, זיין פּלאץ, אלס אייגענארטיגער קינסטלער, קאָנען דערהאלטן.

שמשון טעפליץ.



א שטיק פונ׳ם סטעליע־געמעל אין דער מאָהליווער שוהל. דער צפון־מזרח ווינקל מיט׳ן וואָרמייזא בילד. 18 טער יארהונדערט.

DETAIL FROM THE DECORATION OF THE SYNAGOGUE OF MOHILEV WITH A VIEW OF WORMS. NORTH EAST SIDE. 18th CENTURY.

# וועגן דער מאָהליווער שוהל.

זכרונות.

דאס איז געווען צווישן 19...1916 און. לויט׳ן לוח דאכט זיך גאר ניט אזוי לאנג, לויט׳ן לעבן אבער — מיט עטליכע עפּאָכן צוריק.

עטליכע פּיאָנירן יידן־מאָלער האבן דערפירט זייער מלאכה ביז צו דער מזרח־גרעניץ פון דעם „תחום־המושב״ ד. ה. זיי האבן דערוויזן, אז ווען מ׳פירט איבערן פאפיר מיט א שטיפטל אדער מיט א קויל, אדער איבער א לייווענט מיט א פינזל און פארב — באקומט זיך א געמעל. און די יוגענד האָט אנגעהויבן „קינסטלערן״. ס׳האבן זיך אנגעהויבן אויסשיילען גרופּעס, פון די גרופּעס איז געוואָרן „שולעס״ און איבער אלעמען — פּראָבלעמעס.

חברה חדר־יונגליך, חאָטש שוין א דור א גאנצן אליין ביז צום גמרא־מלמד ניט דערלאנגט, איז פאָרט געווען אָנגעזאפט מיט די זויערליכקייטן פון אַנאַליזע.

און מיר, נעמענדיג נור וואָס אין די הענט א בליישטיפט און א פינזל, האבן אנגעהויבן באלד אַנאַטאָמירן ניט נאָר די נאטור ארום אונז, נאָר אויך זיך אליין. ווער־זשע אזעלכע זיינען מיר? וועלכן אָרט פארנעמען מיר צווישן די פעלקער? און וואס אזעלכעס איז אונזער קולטור? און ווי אזוי דארף ז י י ן אונזער קונסט? אָבגעטון האט זיך דאס אלעס אין אייניגע שטעטליך פון ליטע, ווייסרוסלאנד, אוקראינע, פון דאָרט האט זיך עס אריבערגעקייקעלט קיין פאריז און איר ג מ ר — ניט די התחלה, ווי מיר האבן דעמאָלט געטראכט — האט די דאָזיגע באוועגונג באקומען אין מאָסקווע אויף דער „ערשטער אויסשטעלונג פון יידישע קינסטלער אין יאר 1916״.

ארומזוכענדיג נאך זיך אליין, נאך דער צורה פון אונזער צייט, האָט מען געפּרובט אריינקוקן אין די אלטע שפּיגלען, זיך צו דערגרונטעווען דורך דער אזוי־גערופענער „פאָלקסשאַפונג״. דעם דאָזיגן וועג האבן אין אנפאנג פון אונזער צייט דורכגעמאכט כמעט אלע פעלקער.

אויף אזא׳ן אופן האט איר פאר זיך די לאָגישע דערקלערונג פאר דעם, ווי אזוי איך האב מיך איינמאל אין א זומער אַלאָז געטון „אין פאָלק״. מיט מיר איז געווען ריבאַק.

ווען דער מאהליווער שוהל זיינען ארומגעגאנגן מעשות. מיר האבן זיך אוועקגעלאָזט צו׳ן איר. פריהער האבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין קאפּוסט. מ׳האט אונז געזאגט, אז די קאַפוסטער שוהל איז פון דעם זעלבן טיפּ, ווי די מאָהליווער, און פון דעם זעלבן מייסטער געמאָלט געוואָרן. געטראָפן האבן מיר אין קאפוסט א ביסל קוילן, אָפּגעברענטע ציגעל פונ׳ם פונדאמענט און עטליכע שוין אָנגעפוילטע קלעצער, וועלכע איימיצער האט מנדר געווען צום בוי פון א נייער שוהל — די אלטע איז אָפּגעברענט געוואָרן. און דאס גאנצע שטעטיל איז אָפּגעברענט געוואָרן און קיינע סליאַדן פונ׳ם אלטערטום איז ניט געבליבן.

מיר זיינען געפאָרען ווייטער. געקומען קיין מאהליוו. פון דער ווייטן פונ׳ם דניעפּר האבן מיר דערזעהן א שווארץ, הויך, ווי א שפּייכלער אויסזעהנדיגס, ניט גרויסעס געביי — א שוהל. נאָר דאס איז דאָך עפּיס ווי א פאָרשטאָט. דאס קאָן ניט זיין י ע נ ע שוהל. מיר זיינען ארויס אויף׳ן ברעג, אוועק אין שטאָט אריין זוכן. מ׳האָט אונז ארומגעשיקט אין עפּיס נייע, שטיינערנע, „שענע״ שוהלען, מיט בודואַר־לאָמפּן און פריש אָפּגעפארבטע געזימצן און טאָוולן אזוי ווי אין א פראָווינציעלן „אילוזיאָן״.

אין אפאָר שעה ארום האבן מיר זי געפונען. די שוהל שטעהט באם סאַמע דניעפּר, אבער אין אזא „טאָפּ״ אז זי קומט אויס איינגאנצן באהאלטן. און דאס איז מערקווירדיג. די שוהל פלעגט מען שטענדיג שטעלן אזוי, אז זי זאל הערשן איבער די ארומיגע טאָלן. אזוי איז אין דרויא, אין דובראוונע און אין אנדערע שטעטליך: די שוהל מיט איר גאנצער מאסע, באזונדערס מיט איר דאך, גיט דעם גאנצן שטעטיל יענעם כאראקטעריסטישן פּראָפיל, ווי דער כאראקטער פון די אלטע אייראָפּעישע שטעט ווערט באמערקט דורך זייערע טורמען און סאָבאָרען (דאָמען).

דער שוהל פאסאָן פון מאָהליווער טיפּ (א טיפּ א דייטליכער, א קלאָרער, איך וואָלט געזאגט: א קלאסישער) איז דערזעלבער ווי בא די קריסטליכע באַזיליקעס, ד. ה. — דער מיטעלסטער טייל ארויסגעסטאַרטשעט, מיט פענסטער אין דער הויך, צוויי נידריגע פליגל בא די זייטן צו צפון און צו דרום. אבער אין אונטערשייד פון די קירכען זיינען די זייטן־טיילן דאָ ניט געעפענט, נאָר לחלוטין אפּגעזונדערט פונ׳ם צענטר, פון דער מענערשער שוהל. אין די פליגלען איז די ווייבערשע שוהל, און נאָר א שמאָלע לאָך אין דער הויך פונ׳ם אויג פאראייניגט זיי מיט דעם מענערשען טייל. דאס איז אן אלטער פאַסאָן. אזוי איז אונז אויסגעקומען צו זעהן די אויסמאָלונגען פונ׳ם אינעווייניגסטן אויסזעהן פון דער עלטסטער שוהל אין דייטשלאנד (פונ׳ם XIII יארהונדערט) אין וואָרמס. אויך דאָרט זיינען די מענערשע און די ווייבערשע שוהלען אויף איין שטח און אין דער וואנט צווישן זיי א פענסטערל. בא דעם דאָזיגן פענסטערל פלעגט שטעהן א יידענע וועלכע האט נאכגעזאגט דעם חזן די תפלות און שוין נאך איר פלעגן איבערזאָגן די איבעריגע דאַווענערינס. אין וואָרמס אויף׳ן בית עולם איז דא א מצבה פונ׳ם XIV יארהונדערט איינער אזא „פירזאָגערין״.

די גאלערייע פאר ווייבער איז א שפּעטערדיגע המצאה. אצינד איז אויך אין מאהליוו שוין דא א גאלערייע פאר די ווייבער און אין די זייטן־פליגלען האבן זיך באזעצט: אין איינעם — דער שמש, א טאָקער, וועלכער וועט אמאָל געוויס אומברייננגן אויפ׳ן פייער די שוהל מיט זיינע סטרוזשקעס און הרובקעלע, אין אנדערן — א חדר. אבער דעם גאנצן כאַראַקטער פון דער שוהל גיט איר צו דער העכערער מיטלער טייל מיט זיין הויכען שפּיציגן דאַך און די בא די זייטן צו׳ן אים צוגעפּרעסטע צוויי פליגלען מיט די משופּעדיגע דעכער און קליינינקע פענסטערלעך.



א שטיק פּינ׳ם סטעליע-געמעל אין דער מאָהליווער שוהל. מערב-זייט מיט דער דענקשריפט פונ׳ם מאלער. 18 טער יארהונדערט.

DETAIL FROM THE DECORATION OF THE SYNAGOGUE OF MOHILEV WITH THE INSCRIPTION OF THE ARTIST. WEST SIDE. 18th CENTURY.

די שוהל איז אין מיטן טאג געשלאָסן. מיר האָבן אפּגעזוכט דעם שמש און ער האָט אונז געעפנט.

ניין, דאס איז געווען עפּיס אַנדערש, ווי יענע ערשטע איבערראשונג, וועלכע איך האב באקומען באם באזוך אין דער ראָמאַנישער באַזיליקע, אין דער גאָטישער קאַפּעלע, אין די באַראָקישע קירכען פון דייטשלאנד, פראנקרייך, איטאליע. אפשר, ווען א קינד וואכט אויף אין זיין וויגל, וועלכעס איז אינגאנצן איבערגעצויגען מיט א וואואַל, אויף וועלכן ס׳זיצען פליגן און שמעטערלינגען און דאס גאנצע איז פון דער זון באגאָסן, אָט אפשר זעהט עס דאן אזעלכעס.

די ווענט — האָלצערנע, קלעצער דעמבינע, קלינגען אונטערן קלאפּ. איבער די ווענט א סטעליע ווי א געצעלט, פון ברעטער. די נעטען אלע אָנזיכטיג. אָהן אָבנארעניש, קיינע פאַנטאזיע, די גאנצע ארבײ״ט פון דעם סטעלמאַך פון אויבן־אויף, אבער דער גאנצער גוף אזוי צעגלידערט פונ׳ם מאָלער און מיט עטליכע ניט־קאָמפּליצירטע פארבן אזוי פארפילט, אז א גאנצע גרויסע וועלט לעבט דאָ און בליהט און פילט אן דעם דאָזיגען ניט גרויסן קוביק.

דער גאנצער אינעווניגסטער שטח פון דער שוהל איז באפּוצט, אנגעהויבן פון די באַנק־רוקענס, וואס ציהען זיך איבער דער לענג פון די ווענט, ביז צום סאַמע שפּיץ פון דעם געצעלט. די שוהל, א פיערקאנטיגע באם דיל, געהט איבער אין א אכטקאנטיגער געצעלטיגער סטעליע, אינגאנצן ווי א יארמילקע עהנליך. דריי־קאנטיגע טאָוולן מאסקירען דעם איבערגאנג פונ׳ם פיערקאַנט צום אַכטקאַנט. די דאָזיגע ווענט און די דאָזיגע סטעליע זיינען צעגלידערט מיט א ריעזיג געפיהל פון קאָמפּאָזיציע. דאס איז עפּיס לגמרי אנקעגען־געזעצטעס צום פּרימיטיוו, דאס איז די פרוכט פון א גרויסער קולטור. פון וואנען שטאַמט זי? דער מייסטער פון דעם דאָזיגן ווערק — סגל, זאגט אין זיין אויפשריפט, פול עדעלסטער באגייסטערונג... „שוין לאנג אז איך געה ארום איבער דער לעבעדיגער וועלט...״

מ׳דערצעהלט פון אים, אז ער האט דריי שוהלן געמאָלט, אין מאהליוו, קאפּוסט און אין דאָלהינאָוו (אנדערע רופען אן אַן׳ אנדער אָרט). נאָכדעם ווי ער איז פארטיג געוואָרן, איז ער אַראָפּגעפאַלן פון דער רעשטאָוואַניע און געשטאָרבן. אזוי דערצעהלט יעדעס שטעטיל בא זיך: די מאהליווער זאגן ער איז אין מאָהליוו געשטאָרבן, די קאפּוסטער — אין קאפּוסט׳ די דאָלהינעווער — בא זיך. די לעצטע צוויי שוהלן האָבן אָפּגעברענט. די דאָלהינעווער שוין לאנג. מיין פאטער פלעגט דערצעהלן, אז ער געדענקט פון דאָרטן א ריעזיגע פרעסקע יעקב׳ס קבורה, מיט א רייטוואָגן, פערד, די בני־יעקב, מצריים א. א. וו. מיר קאָנען היינט ניט פארגלייכן. אבער די מעשה איז כאראקטעריסטיש פאר דער אפּשאצונג פונ׳ם קינסטלער. — אזוי גרויס איז זיין ווערק, אז זיין ווייטערדיג לעבן קאָן אים נאָר דערנידעריגן. געענדיגט דאס ווערק און די נשמה האט מעהר ניט וואס צו טון אין גוף.

דער מיטעלפונקט פונ׳ם גאנצן איז די סטעליע. אין מערב־זייט, באם אריינגאנג, שטעהן ריעזיגע לייבן און פאוועס הינטער זיי. די לייבן האלטן צוויי שילדן מיט אויפשריפטן, די אונטערשטע איז אן אנדענקען פונ׳ם מייסטער פאר זיך אליין, דאן געהט אויף די דריי צפונדיגע און דריי דרומדיגע פון דער יידישער פאָלקס־ארבייט. צו איז דען ניט דאָס א רבניש פנים אָט דער לייבן־קאָפּ אין דעם מזלות־געמעל פון דער מאהליווער שוהל? (בילד ז׳ 13.)

איבער׳ן פריז צעבליהט זיך א ריעזיגער געוויקסן־אָרנאמענט, וועלכער כאפּט ארום מיט א רינג די גאנצע סטעליע. נאָך



א שטיק פונ׳ם סטעליע־געמעל אין מאָהליווער שוהל, מיט׳ן בילד פון א שיף. 18 טער יארהונדערט.

DETAIL FROM THE DECORATION OF THE SYNAGOGUE OF MOHILEV WITH A SHIP. 18th CENTURY.

טאָוולן פונ׳ם געצעלט אזוי ווי א פריז, אויף וועלכן עס וויקעלט זיך אויף דאס לעבן פון פרעסערס און געפרעסענע. אונטן א וואסער, אויף דעם ערד, איבער דער ערד א הימעל, אין הימעל שטערן, וואָס צעבליהען זיך אין בלומען. אין וואסער — פיש; זיי ווערן פון די פויגל געכאפּט. אויף דער ערד א פוקס טראָגט א פויגל אין פּיסק. א בער קלעטערט אויף א בוים נאָך האָניג. פויגל טראָגן שלענג אין די פּיסקעס. אָט די אלע פליהענדיגע און לויפענדיגע — זיינען מענשן. דורך זייער פּירפּיסיגער אָדער געפעדערטער מאַסקע קוקן זיי מיט מענשן־אויגן. דאָס איז א זעהר מערקווירדיגער שטריך העכער א רייה שטעמפּלן מעהר פון אָריענטאַלישן, איך וואָלט געזאָגט: פון מויריטאנישן צוזאמענשטעל, און אין זיי א קאָמפּליצירטע איבערפלעכטונג פון שטריך — א מאָטיוו, וואס דערמאָנט זעהר לעאָנארדא־דא־ווינטשיס צייכנונג פארן שטעמפּעל פון זיין אַקאַדעמיע. און איצט דערמאָן איך מיך, אז איך האב געזעהן אין מילאַן, אין קאַסטעלאָ, א זאל, וואס זיין סטעליע ווערט אויך צוגעשריבן לעאָנארדאָ׳ן, אויך מיט אזא עהנליכן שטריך־אָרנאמענט.

איבער דעם שטעהן אויסגעשטעלט אין א שורה די מזלות. צוועלף קאָמפּאָזיציעס אין קרייזן, געקייטעלט אינאיינעם, א



דאס בילד פון א לייב אין דער מאָהליווער שוהל.

"LION" FROM THE DECORATION OF THE SYNAGOGUE OF MOHILEV. 18th CENTURY.

גאנצע זאַך. דאס מזלות־געמעל איז זעהר אייגנארטיג און אייניגע פון זיינע צייכענס זיינען מערקווירדיג לאַקאָניש און קרעפטיג. אזוי למשל, דער שיסער (מזל קשת). בסך הכל צוויי הענט, איינע האלט דעם בויגן, די אנדערע ציהט אן דעם פאָדים. דאס איז די „קרעפטיגע האַנט", די „שטראָפענדע האַנט" פון דער ביבעל. און איבער דעם אלעמען, אין מיטעל־פונקט פון דער „יאַרמולקע" — א דריי־קעפיגער אדלער: די פארוואקסונג אין איינעם פונ׳ם רוסישן און פון פוילישן אָדלערס.

אין מזרח, איבער׳ן ארון קודש, ווידער לייבן, נאָר דא האלטן זיי שוין די לוחות און פון זיי א גרויסער כפורת כאפט ארום דעם ארון־קודש. אין די זייטן צוויי פאַנאָס, — לינקס אויף דער צפון־וואנד א „וואָרמייזא", עפיס א פארשאָלטענע שטאט ארומגעכאפט פון עפיס א דראקאָן, און א עץ־החיים; (זעה בילד ז׳ 8). אויף דער אנדערער זייט, אין צפון־מערב — ירושלים און דער עץ הדעת.

אויף די דרייעקן, וואס מאַסקירן דעם איבערגאנג פון די ווענט צו דער סטעליע, אויף איינעם פון זיי, אין צפון־מערב, דער שור־הבר; אויף דעם אנדערן, אין צפון־מזרח, א ווילדע ציג; אויף׳ן דריטן, אין דרום־מזרח, דער לויתן; און אויף׳ן פיערטן, אין דרום־מערב, א עלפאנט מיט א טראגשטוהל אויף׳ן רוקען.

אויף די ווענט — טאָוולן מיט אויפשריפטן, הייליגע כלים פון מלך שלמה׳ס בית המקדש, אָרנאמענטן און אלערליי לעבעדיגע ברואים.

דער אוצר פאָרמען באם מאָלער — א אונערשעפליכער. און מ׳זעהט ווי דאס אַלץ האט זיך בא אים געגאָסן, ווי פון א פילהאָרן, און ווי די האנט פונ׳ם ווירטואָז איז ניט מיד געוואָרן און ניט אבגעשטאַנען פון דער געשווינדיגקייט פונ׳ם פארטראכטן. פון יענער זייט ארון־קודש האב איך אנטדעקט די ערשטע פאָרויסצייכנונג מיט׳ן פינזל, דעם „קאָנטור" פונ׳ם גאנצן געמעל, דאס וואס דינט אלס גרונדלאגע צו דער ווייטער־דיגער פארבן־באארבייטונג. דער דאָזיגער „קאָנטור" איז אנ־געווארפן אויף דער וואנט דורך א מייסטער פון געוואלטיגער געוואוינטהייט, בא וועלכן דער פינזל איז פולקאָם אונטערוואָרפן דעם ווילען.

דער קאָליר פון דער מאָלעריי — בורשטין־פערלדיג מיט ציגעל־רויטע פונקן. ער איז ניט צום ערפאסן, ער לעבט און באוועגט זיך אַ דאַנק דעם ספעציפישן שיין. אין אלע פיר ווענט זיינען דא פענסטער אין דער סאמע הויך. די זון געהט ארום און ארום און יעדע שעה איז יעדע וואנט, און באזונדערס די משופעדיגע טיילן פון דער סטעליע, אנדערש באלייכטן. דאס גיט צו דעם גאנצן א אומאויפהערליך שפיעל. דאס געמעל איז, בא זיין גאנצער דורכזיכטיגקייט, זעהר דיק. אלץ שווערע פאַרבן: אָכרע, בלייוויים, צינויבער, גרינס, צום ווינציגסטן די קאלטע טענער, בלוי און פיאָלעט.

פון וואַנען אבער געהט עס אָט דער שטראָם? וואו האט דער דאָזיגער וואָלקן געטרונקן, כדי זיך אויסצוגיסן אין אזא וואונדערליכן רעגן?

זאלן זוכען און ארומקלעטערן די פאָרשערס אין דעם ים פון דער געשיכטע פון דער קונסט, איך קאן נאר זיך טיילן מיט פאלגענדען פון מיר באאָבאכטעטען פאַקט. אין שוהל איז תמיד פארהאַנען א קליינע ביבליאָטעק. אין די אלטע שוהלן שטייען אין די ספרים־שאפעס גמרות און אנדערע ספרים פון די סאמע עלטעסטע דרוקן, מיט רייכע שער־בלעטער און אייניגע צירונגען און שלוס־צייכנונגען. אָט די עטליכע בלעטער האבן אין זייער צייט געשפילט די זעלבע ראלע וואס היינט די אילוסטרירטע זשורנאלן, זיי האבן באקאנט געמאכט מיט די נייעסטע קונסט־פארמען. און ריכטיג, איך האב אַמאל געזעהן א מצבה מיט אזא מין באַרעליעף: א בער שטייט אויף די הינטערשטע לאַפּעס און נעמט ארום א בלי־הענדן אַקאנטעווע אָרנאַמענט. אין א הויפן שמות פון דרוק אמסטערדאם פונ׳ם 16 טן און 17 טן יארהונדערט אויף׳ן בוידעם פון דער דרויער שוהל האב איך געזעהן א שלוס־צייכנונג פונקט מיט דעמזעלבן מאָטיוו, און ס׳קאן קיין ספק ניט זיין, אז דער סקולפּטאָר פון דער מצבה איז אינסטרואירט געווען פון דער דאזיגער שלוס־צייכנונג.

א צווייטער ביישפיל: דאס שניצעכץ און די גאנצע קאָמ־פאזיציע פון די פיעל־שטאָקיגע ארון־קודש׳ס און די רענע־סאנסיש־באראָקישע שער־בלעטער פון די יידישע ספרים. פארן יידישן שניצער האבן די דאזיגע שער־בלעטער געדינט אלס מוסטערן פונקט אזוי ווי פאר די ארכיטעקטאָרן — די ארבייטן פון ווילאָן און פאַלאַדיאָ.

בלייבט נאך די פראגע וועגן נאציאנאלן מאָמענט פון דער דאזיגער מאָלעריי. מיר לאזן זי פאר די פסיכאָלאגן און עט־נאָגראפן. נאר מיר וועלן זיי אויפמערקזאם מאכן, אז דאס קרובהשאַפט פון די פארמען, וואס זיינען מיט אזא ותרנות צעוואָרפן אויף די ווענט און סטעליע פון דער מאהליווער שוהל, מיט די גלייכצייטיגע פארמען פון אנדערע אומות דארף צווינגן באזונדערס ערנסט זיך צו פארטראכטן. דער איטאליענער פאראווענטי האט געסטרויעט דעם אוספעניער סאָבאָר אין קרעמל, און זיין לאנדסמאן אלואיזי — דעם קרעמל. דער פיניקיאַנער חירם האט געבויעט שלמה המלך׳ס בית המקדש. אזעלכע עדות קאן מען אנפירען אהן אן עק.

בכן איצטערט, ווען אלס סימן פון א קולטור פאלק דינט די געדרוקטע ליטעראטור, צייטונגן און זשורנאלן, א אייגענעס טעאטער, א אייגענע מאָלעריי, א מוזיק און ד. גל. — מיר האבן דאַס אלץ, הייסט עס — מיר זיינען אויך א קולטור פאלק. עס פעהלט נאר א גלענצענדער יחוס־בריעף. אבער אויב צוליב דעם הויבט מען אָן קריכן צום אלטערטום און אויב נאר מיט דעם אַליין ערקלערט זיך דער אינטערעס אויך צו דער „פאלקס־שאַפונג," איז שוין גלייכער אהן אָט דער קולטור. ניט נייטיג.

און אויב איצטער, ווען די טעכניק פון די ווידער־אויפ־פירונגען שטייט אזוי הויך און די דרוק־מאשין ארבעט גיך, וועלן אט די זאכן קריגן די ברייטסטע פארשפרייטונג און זיי וועלן אנשטעקן די „קונסטלערערס" און זיי וועלן אנהויבן צו פודערן און סטיליזירען אט דעם איינמאל זיך באוויזענעם פנים, צעהאקן אים אויף שטיקלאך און אט דעם וויניגרעט אונטערטראגן אלס א נייע קונסט־קולטור, — איז שוין גלייכער אהן אט דער קולטור. ניט נייטיג.

דאס וואס מ׳רופט קונסט, ווערט געשאפן דאן, ווען מ׳ווייסט ניט, אז דאס וואס מ׳טוט איז קונסט. נאר ד ע מ א ל ס בלייבט עס אלס דענקמאל פון קולטור. היינט ווערט די קונסט גע־שאפן דורך די, וועלכע קעמפפן קעגן איר.

אונז איז דער לעבעדיגער הונד טייערער איידער דער טויטער לייב. מיר ווייסן, אז ווען דער הונד שטארבט, ווערט ער א לייב.

א. ל.



"LION", A ZODIACAL SIGN FROM THE DECORATION OF THE SYNAGOGUE OF MOHILEV. 18th CENTURY.

מזל ארי.
פונ׳ם געמעל אין דער מאָהליווער שוהל.
18 טער יארהונדערט.



א· ליסיצקי· פון דער רוסישער קונסטאויסשטעלונג אין בערלין· א קאָנסטרוקציע·

"CONSTRUCTION" FROM THE RUSSIAN ART EXHIBITION. BERLIN. EL LISSITZKI.

# יידישע קינסטלער אין דער היינטיגער רוסישער קונסט·

צו דער רוסישער קונסט־אויסשטעלונג אין בערלין 1922·

די פראָבלעמען, וועלכע זיינען אין די לעצטע עטליכע צענדליג יארען אויף דעם געביט פון קונסט ארויסגעשווימען, האָבן אפשר אין קיין שום לאנד נישט דערגרייכט אזא מדרגה פון שפאנונג, ווי אין רוסלאנד. די נייע קונסט־אידעען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דאָ, זייט דעם נידערגאנג פון דעם אזוי גערופענעם „פערעדוויזשניטשעסטוואָ" אריבערצוּוואנדערן פון וועסט־אייראָפּא, הויפּטזעכליך פון פראנקרייך (מיט א שפּאָרע פאַרשפּעטיגונג), האָבן זיך אין א קורצער צייט נישט נאָר פולשטענדיג אקלימאטיזירט, נאָר זיי האָבן זיך ווייטער אנטוויקעלט און פארטיפט. אזוי איז געווען מיט דעם סעזאניזם, קוביזם, פוטוריזם א· א· מיט דער גאנצער ברייטקייט און טיפקייט פון דער רוסישער נשמה זיינען די דאָזיגע נייע קונסט־אידעען אָדער קונסט־פילאָזאָפיעס אויפגענומן געוואָרן און נאָכדעם צוגעפירט ביז צו זייערע לעצטע, לאָגישע קאָנזעקווענצן. דאָס, וואָס דאָרט איז געווען א פּראָדוקט פון א הארמלאָזער עקספּערימענטאליסטיק און, אלס פרייער, נישט אָבליגאטאָרישער, שעפּפערישער אָביעקט, גילטיג געווען, איז דאָ אנטוויקעלט געוואָרן אין א טעאָריע, אין א קאַנאָן, אויך די אומוואנדלונג און די צעגלידערונג פון ריכטונגען זיינען דאָ צוגעגאנגען פול ראדיקאלער און שארפער ווי ערגיץ־וואו. א דאנק אָט דער ספּעציפיש־רוסישער אויפ־נעהמונגסארט פון נייע אידעען און פאָרמען, האָט רוסלאנד אין משך פון די לעצטע 15—20 יארען אין דער קונסט־אנטוויקלונג דערגרייכט אזעלכע ווייטע סטאדיען, צו וועלכע יענע אייראָפּעישע לענדער, וואָס האָבן אייגענטליך פריהער געדינט רוסלאנד אלס פאָרבילד פון קינסטלערישן פאָרטשריט, זיינען נאָך נישט צוגעקומען. באהויפּטן ווידער, אז די נייע רוסישע קונסט האָט אויסשליסליך געשעפּט אירע קרעפטן פון אויסן, וואָלט געווען א טעות· די איקאָנע, דער לובאָק, די שילדען־מאלעריי — אָט דאָס זיינען נישט אין א קלענערער מאָס געווען די אָנרעגערס פון די נייע זוכענישן. באזאָנדערס דער לובאָק און דער קליינשטעטלדיגער שילד האָבן אין דער פאָרם־וואנדלונג געשפּילט א באדייטענדע ראָלע. פאר די אויגן פון דעם קינסטלער האָט זיך אין זיי אנטפּלעקט א נייע וועלט פון הויכע קינסטלערישע ווערטן און מעגליכקייטן. דאָס, וואָס איז פריער געווען פולשטענדיג איגנאָרירט און באטראכט אלס א מינדערווערטיגע זאך, איז דערהויבן געוואָרן צו אַנ־אַפּאָטעאָזע. דווקא אין זייער פרימיטיווקייט און אומ־געלומפּערטקייט האָט דער קינסטלער אנטדעקט באהאלטענע און סודותדיגע כחות, וואָס זיינען פיל שטארקער, אונמיטעל-

באַרער, און דערפאר איבערצייגענדער און עמאָציאָנעלער איידער די ראפינירטעסטע פיינהייטן פון דער „אָפיציעלער סאלאָן־קונסט.״

די צוויי אלזאָ הויפט פאקטאָרען פאר די נייע קונסט־געשטאלטונג אין רוסלאנד: די וועסט־אייראָפעישע קונסט מיט איר גאנצן רייכטום פון אינטערעסאנטע עקספערימענטן און רעזולטאטן פון איין זייט, און די היימישע פאָלקס־קונסט מיט איר גאנצן פראכט פון עקזאָטיק, גראָטעסקקייט און מערכענהאפטיגקייט פון דער אנדערער זייט, האבן זיך עפעס דורך א וואונדערליכן שיקזאל אין איינער און דערזעלבן צייט צוזאמענגעשטויסן.

דער דאָזיגער צוזאמענשטויס פון צוויי, לויט דער נאטור גאנץ־פארשיידענע קונסט־עלעמענטן, האָט אין פרינציפ גע־דייטענדסטער און כאראקטעריסטישסטער פאָרשטעהער פון אזא מין קונסט־אויפפאסונג איז מארק שאגאל. ער איז אפשר אויך דער איינציגער קינסטלער, וועמען ס׳איז ווירקליך געלונגען צוויי גאנץ פארשיידענע וועלטן אין א גאנצקייט צו אָרגאניזירען. אין זיינע ווערק שווימען דאָך דייטליך ארויס די פאָרמאלע עלעמענטען, פון וועלכע די דאָזיגע ווערק זיינען אנטשטאנען: דער רוסישער לובאָק, דאָס אלט־יידישע וואנט־מאָלעריי און דער קוביזם. א דאנק אבער זיין איבער־נאציאָנאלן, איבער־פערזענליכן (אחוץ זיין שטארקע אינדיווידואליטעט) כ׳וועל זאָגען: קאָסמישן ארט פון קונסט־אָנשויאונג, איז אים געלונגען אויפצוהויבן זיך הויך איבער דעם פאָרמאלען פארטיקולאריזם און אין זיין אייגענער, מעטאפיזישער וועלט, צו פארוואנדלען די כלומרשט געגענ־



נתן אלטמאַן. דעקאָראציע צו „אוריאל אקאָסטא״, אין יידישן מלוכה׳דיגן קאמערטעאטער אין מאָסקווא.

THEATRICAL SETTING OF A SCENE OF "URIEL ACOSTA", STAGED AT THE YIDDISH THEATRE IN MOSCOW. NATHAN ALTMAN.

דארפט פירען צו׳ן א זעהר אינטערעסאנטן קינסטלערישן אספעקט. די ווירקליכקייט אָבער האָט אונז אין דעם פרט א ביסל אנטוישט און זי איבערצייגט אונז, אז צו׳ן א סינטעז איז מען נאָך פאָרלויפיג (אויסער איינאיינציגן פאל, וועגן וועלכן איך דערמאן שפעטער) נישט צוגעקומען, און אז די ביידע עלעמענטן קענען זיך נישט אָרגאניש פאראייניגען, נאָר זיי רייסען זיך כסדר פונאנאנדער, יעדער אין זיין אייגענע ריכטונג, אין זיין אייגענע וועלט. באם היינטיגן טאָג זיינען מיר אויך עדות פון אזא מין שפאלטונג אין דער רוסישער קונסט. פון איין זייט האבן מיר א רייה קינסטלער, וועלכע שטעקן פולשטענדיג אין דעם ראָמאנטישען פאָלקלאָר, און פון דער אנדער זייט א רייה קינסטלער, וואָס האָבן זיך אפגעזאגט פון יעדען מין סענטימענטאלקייט און מיט דער גאנצן סטיכיע זיך אפגעגעבן אוניווערסאל־קינסטלערישע אויפגאבן. אחוץ אָט די ביידע גרופן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר צוויי גאנץ־פארשיידענע ריכטליניען, איז נאָך פאראן א גרופע, וואס זוכט, באוואוסט אָדער אונבאוואוסט, די ביידע דערמאָנטע עלעמענטן אין איין גאנצעס צו פאראייניגן. דער בא־איינאנדער פרעמדע וועלטען: די אָריענטאלישע עקזאָטיק מיט איר גאנצן מיסטישן אינהאלט און דעם שטרענגן, אייראָפעישן מאָנומענטאלן קוביזם — אין א מעכטיגן, הארמאָניש קלאנגענדען כאָראל. — איך חזר נאָכאמאָל איבער: שאגאל איז דער איינציגער אין דעם זין פענאָמען. די גאנצע פלעיאדע פון יונגע, אממייסטען יידישע קינסטלער, וועלכע באמיהן זיך אויך דעם יידישן לובאָק צו פאראייראָפעיזירן, ווייזען ארויס דאביי א זעהר גרויסע אונבאהאָלפנקייט. זיי פעהלט גראד יענע אייגענארטיגע גייסטיגע סטרוקטור, וועלכע איז לעת־עתה נאָר שאגאלס אייגענטום, און וועלכע האָט אים ערלויבט צו רעאליזירן זיין ווערק. און עס איז גאָר נישט קיין וואונדער וואָס זיי געפינען זיך אין אזא שווערער לאגע. אין א מאָמענט, ווען זייער גאנצע נשמה איז פארכאפט געוואָרן פון איין זייט דורך דעם וואונדערליכן צויבער פון דער אלטער יידישער פאָלקס־קונסט און מיסטיק און פון דער צווייטער זייט, נישט אין א קלענערער מאָס, דורך די נייע פאָרמען, וועלכע וואקסן אויס אויף גאָר אנ׳אנדערן באָדען, נעמליך, אויף א באָדען פון מאשינען און אינדוסטריע — איז יעדע

מין אנטשליסונג אויפן חשבון פון איינעם פון די ביידע קונסט־
פאקטאָרען נישט קיין לייכטע זאך. די שטרענגע פאָרמאלע
איינהייטליכקייט, וועלכע איז אזא וויכטיגער פאָסטולאט פאר
יעדען קונסטווערק, האָט באזונדערס באם היינטיגען טאָג
באקומען א אונגעהוירע באדייטונג. מעהר ווי אלעמאל
שטרעבט דער קינסטלער היינט גאנץ באוואוסט צו
אנ׳איינהייטליכער און אויסגעהאלטענער
פאָרם, וועלכע גיט א באשטימטע פיזיאָנאָמיע זיין גאנץ
שאפן. און דעריבער זאָגן זיך טאקי אָפּ פיל מאָדערנע
קינסטלער פון יעדען מין סענטימענטאלקייט, פון איבערפלוס
פון געפיהלמעסיקייט, פון ספּאָנטאנער ארט שאפן, און זיי
פארלאָזן זיך מעהר אויף דעם ניכטערנעם אינטעלעקט,
וועלכער איז נישט אזוי פארפיהעריש ווי דער בלינדער
אינסטינקט (מעג ער זיין אפילו שעפּפעריש), נאָר פארקעהרט,
ער גיט גאראנטיעס פאר אן עקזאקטע, אויסגעהאלטענע,
באוואוסטזיניגע פאָרם. אביישפּיל שטעלט מיט זיך אין דעם
פרט פאָר ליסיצקי, וועלכער האָט זיך אויך א צייטלאנג
אָפּגעגעבן דעם שאגאליזם (זיינע חד־גדיא, יונגל כוואט
א. א.), האָט אָבער, א דאנק זיינע אנאליטישע פעהיגקייטן
שנעל זיך באפרייט פון דער דאָזיגער סענטימענטאלקייט און
אריבער צו דער ריינער קאָנסטרוקציע (פּראָאון). *)

צו רעדען איבער אנ׳אלגעמיינע, באשטימטע פיזיאָנאָמיע
פון דער שאפונג בא יידישע קינסטלער, סיי אין רוסלאנד, סיי
אין אנדערע לענדער, איז איבערהויפּט אונמעגליך. די פיל־
זייטיגקייט, כ׳וועל זאָגן: די ענציקלאָפּעדישקייט פון זייער
קונסט, וואָס נעמט זיך ווארשיינליך פון דעם ספּעציפישן
יידישן גייסט, ווי אויך פון דעם מאנגעל פון א געוויסער
קינסטלערישער טראדיציע, איז אונגעהויער גרויס. אנ׳ענצי־
קלאָפּעדיסט אין דעם זין פון וואָרט איז נאטאן אלטמאן. ער
צייגט אונז אין זיינע ווערק דעם סך־הכל פון די אלע פאָרמען,
וועלכע זיינען אין משך פון די לעצטע יאָרן דערגרייכט גע־
וואָרן. אלץ איז דא פאראן; ס׳איז גארנישט פארפעהלט גע־
וואָרן: געגנשטאנדלאָזע זאכן, פּיקאסאָ, רעאליסטישע צייכע־
נונגן, פּאָרטרעט, „לענין“ **), יידישע פאָלקס־אָרנאמענטיק
א. א. וו. ער איז א גלענצענדער עקלעקטיק, וועלכער לעבט
באמת דורך און דורך, מיט דער גאנצער אויפריכטיגקייט, די
אלע שוין פאר אים צוגעגרייטע פאָרמען, און לאזט זיי דורך, דורך
זיין אייגענע קינסטלערישע פּריזמע. זיינע טעאטער־דעקאָ־
ראציעס פאר אקאָסטא געהערן צו די זעלבסטשטענדיגסטע
און שטארקסטע זיינע זאכן, וועלכע מיר איז געלונגען צו זעהן.
זיי זיינען שטרענג אויסגעהאלטן אין דער קאָנסטרוקציע און
אין דעם טאָן (שוואכער איז דער 3־טער אקט מיט דער שוהל).

אם מייסטן סימפּטאָמאטיש פאר די ספּעציפישע אייגנארט
פון דער היינטיגער רוסישער מאלעריי, און גלייכצייטיג אם
מייסטן קריסטאליזירט פון אלע אנדערע יידישע מאלער, איז —
שטערענבערג. אריינזאפּנדיג אין זיך א גרויסע מאס פון ריין־
מאלערישער קולטור (ווי עס שיינט: סעזאַן, אנרי רוססאָ א. א.)
און נישט אין א קלענערער מאָס אויך די דערגרייכונגן פון קוביזם,
האט ער זיין ווערק קאָנסעקווענט אנטוויקלט, נישט אזוי ווי די
סופּרעמאטיסטן האבן עס געטון, צו די גרעניצען פון קינסטלע־
רישער געשטאלטונג (וואס פיהרט אייגנטליך לאָגיש צום
זעלבסטמאָרד פון דער קונסט זעלבסט) — נאר צו אנ׳אבסאָלוטער
פולקאָמנהייט פון באהערשונג דעם מאלערישן מאטעריאל. די
שילדער־מאלעריי, וועגן וועלכער כ׳האב אויבן דערמאָנט,
אז זי באזיצט אונענדליכע מאלערישע מעגליכקייטן, האט
שטערענבערג׳ן געדינט אלס דער וויכטיגסטער סטימולאנט
פאר זיינע בילדער. ער האט זיך באנוצט מיט דעם שילד ווי מיט
א רוי־שטאָף, וועלכער איז נאכדעם פארארבעט און פאר־
וואנדעלט געוואָרן אין פיינע, ראפינירטע און געשלאָסענע
בילדער. דאס וואָרט „בילד“ איז לעצטענס געוואָרן זעהר
שטארק איגנאָרירט פון די לינקע. דאס האט זיך איינפאך
גענומען דערפון, וואס די נייע קונסט איז, אין גרעסטן טייל
אירען, באזירט אויף לויטער עקספּערימענטן. שטערענבערג
איז אפשר אצינד דער איינציגער לינקער קינסטלער, וועלכער
האט זיין קולט פאר ריינע פאָרם און מאטעריאל גענוי אזוי ווי
אנדערע לינקע אָפּגעריסן און באפרייט פון דעם געגנשטאנד;
גענוי ווי די עקסטרעמסטע נעאָ־קוביסטן און סופּרעמאטיסטן
האט ער געלעזט די אויפגאבן פון ארטיקולאציע, ריטם, פאקטור,
וואלעור א. א. וו. נאָר דערביי נישט געבליבן שטעקען אין
געגנשטאנדלאָזער עקספּערימענטאליסטיק, און אריבער צוריק
צום געגנשטענדליכן; דערביי פארלירט זיין מאלערישע אב־
סטראקטהייט גאר נישט אין איר קראפט. פון געגנשטאנד,
דורך אבסטראקציע צוריק צום געגנשטאנד — אין דעם ליגט
דער פּאראדאָקס פון שטערענבערגס מאלעריי.

שטערענבערג און שאגאל — דאס זיינען די איינציגע צוויי
קינסטלער אין רוסלאנד, וועלכע האבן אויף צוויי פארשיידענע
אופנים געלעזט אין פּאָזיטיוון זין די נייע פּראָבלעמען
פון דער מאלעריי, ד. ה. זיי האבן אונז געגעבן די גאראנטיע,
אז קונסט איז א לעבעדיגע זאך, וואס מ׳קאן נישט טראָ־
ריסטיש אפּרייסן פונ׳ם לעבן, ווי עס מיינען א טייל טעאָרע־
טיקער פון קאָנסטרוקטיוויזם.

ה. בערלעווי.

*) אונטערן וואָרט „פּראָאון“ פארשטעהט זיך א קאָנסטרוקציע אין א פּרעציזער,
געאָמעטרישער פאָרם, וועלכע באזיצט אייגענטליך אליין קיין אוטיליטארען צוועק,
וועלכע אָבער שטעלט מיט זיך פאָר א קאָנסטרוקטיווע ענערגיע פאר קינפטיגע
מאָנומענטאלע קאָנסטרוקציעס. דער טערמין איז דורך ליסיצקי׳ן אליין פאר זיינע
ווערק געשאפן געוואָרן.

**) א קאָלעקציע עסקיזען פון לענינען.



נתן אַלטמאַן. א קאָפּ פון א יונגן ייד. בראָנזו, קופּער און האָלץ. 1916
פון דער רוסישער קונסטאויסשטעלונג אין בערלין.

"HEAD OF A YOUNG JEW." BRONZE, COPPER AND WOOD. 1916. NATHAN ALTMAN.
FROM THE RUSSIAN ART EXHIBITION IN BERLIN.



ד· שטערענבערג· לאנדשאפט·

פון דער רוסישער קונסטאויסשטעלונג אין בערלין·

LANDSCAPE. D. STERENBERG.

FROM THE RUSSIAN ART EXHIBITION IN BERLIN.



צו מיין פרוי. 1915. מ. שאגאל.

"TO MY WIFE". 1915. M. CHAGALL.
FROM THE CHAGALL EXHIBITION. BERLIN.



א יידישער פידעלשפּילער. 1914. מ. שאגאל.

JEWISH FIDDLER. 1914. M. CHAGALL.
FROM THE CHAGALL EXHIBITION. BERLIN.



נתן אלטמאן. 1914. פון דער סעריע: יידישע גראפיק.
פון דער רוסישער קונסטאויסשטעלונג אין בערלין.

FROM THE SERIES "JEWISH ORNAMENT". 1914. NATHAN ALTMAN.
FROM THE RUSSIAN ART EXHIBITION. BERLIN.

# די מאָסקווער „הבימה".

פון שטודיען־ארבייטן, דורך „היהודי הנצחי" (אייביגער ייד) ביז צום „דבוק"; פון דער ערשטער קוים־געוואגטער כחות־פרוב אין איין־אַקטיגע דראַמאַטישע עטיודן פונ׳ם לעבן, ביז צו אן ארגאנישער אַנטפלעקונג אין אמת קינסטלערישע געשטאלטן פון יענעם „אייביג יידישן", וואס האט זיך ביזהער באהאלטן אויף די טעאֵטער־ברעטליך הינטער סטיליזירטע מאַסקעס פון, פאר אונזער נשמה און אונזער היסטארישן אמת פרעמדע געשטאלטן. — אָט דאס איז דער פיער־יעהריגער סך־הכל פון דער „הבימה"ס קונסט־דערגרייכונגען.

איר נצחון־וועג איז אנערקענט פון אלעמען, פון אייגענע און פרעמדע, פון פריינט און שונאים.

ווי א גלייכע איז זי דערהויבן געווארן דורך די מייסטערס און זשעניען פון דער רוסישער סצענע צום שפּיץ פונ׳ם רוסלענדישן טעאטער־פּאַרנאַס — דורך גאָרקין און שאַלאַפּינען, סטאניסלאַווסקין און טאַאִיראָווען און אנדערע.

אירע פארדינסטן פאר דער טעאַטער־קונסט זיינען איינגעשעצט געווארן, אירע גרויסע דערגרייכונגען זיינען אויפגענומען געווארן מיט באוואונדערונג און באגייסטערונג.

ביי אונז אבער איז די „הבימה" אריין אין בלוט און פלייש פון אונזער נאציאנאל־קולטורעלן באוואוסטזיין, מיר האבן זי צוגעלעגט צו אונזערע בעסטע קינסטלערישע ווערטן און מיר זיינען פארפילט מיט גדלות פאר איר, אזוי ווי פאר אייגענס, נאַהענטס.

אין וואס באשטייט דער סוד פון אָט דער באגייסטערונג? פאַר וואס האט די „הבימה" פארמאגט אזוי „לייכט", אין משך פון בסך־הכל 4 יאר, אבצוהאלטן אזא ניט־צווייפלהאפטן נצחון, בשעת אנדערע יידישע טעאטערן, צום ביישפּיל די „ווילנער טרופּע", וועלכע צייכענט זיך געוויס אויס מיט א געוויסן גראד פון קינסטלערישער אויספירונג, זיינען אריבער ווי געוועהנליכע קולטור־ערשיינונגען, ניט דערוועקנדיג קיין באזונדערע אויפרעגונג און ניט ארויסרופנדיג אפילו קיין איבריגן דערהויבענעם אינטערעס?

ענפערן אויף אָט דער פראגע, הייסט: עפענען די נשמה־באהעלטענישן פון דער „הבימה", דעם סוד פון אירע קינסטלערישע זוכענישן און דאס בוך פון איר גורל. אויף דעם נעם איך מיך ניט אונטער. ווי נאָהנט איך בין געווען צו דער „הבימה", האב איך פארט געקאנט נאר זיך צוקוקן צו׳ן איר פון דער זייט, ווי א געוועהנליכער טעאטראלער צוזעהער און אין בעסטן פאל ווי א טעאטראלער קונסטקריטיקער.

און נאר אלס אזעלכער וואלט איך געוואלט אין אָט דעם ארטיקל זיך אפשטעלן אויף די אויפגעווארפענע פראגן.

איך מוז אבער מאכן עטליכע באמערקונגן פון אלגעמיינער נאטור.

די טעאטערקונסט האט אין זיך פאלגענדע גרונדאייגנשאפטן.

דער טעאטער איז די קונסט פון האנדלען, וועמעס טרעגער ס׳איז — דער קאלעקטיוו־האנדלענדער אַקטיאָר. דערמיט וויל איך ניט זאגן, אז די שאפונג פונ׳ם אינדיווידועלן אקטיאר איז פאר׳ן טעאטער א קלענערער קונסט־פאקטאר. פארקערט, דאס וועזן פון דער טעאטראלער האנדלונג באשטייט גראד אין א סינטעטישער אנטפלעקונג און קאָאָרדינירונג פונ׳ם קינסטלערישן „איך" פונ׳ם אקטיאר מיט דער געמיינזאמער האנדלונג פונ׳ם קאלעקטיוו.

פארן טעאטער מוז דעריבער, לויט׳ן עצם פון זיין נאטור, פרעמד זיין די איינטיילונג אין „העלדן" און „מאַסע", אויף „ליבלינגען פון פובליקום"־גאסטראָליאָרן און „מיטפיעלענדע" סצענישע מאסע. דער טעאטער איז א קאָלעקטיווער קינסטלער און זיין אויפגאבע און זיין בארוף איז טאקי אָט דאס האַרמאנישע צונויפפאסן פון דער שאפענדער האנדלונג פונ׳ם קאָלעקטיוו אינגאנצן און פון יעדן אקטיאר באזונדער.

א צווייטע אייגנטימליכקייט פונ׳ם טעאטער באשטייט אין דעם, וואס דער שאפענדער אקטיאר איז לחלוטין ניט אפגעטיילט פון דער סצענישער געשטאלט, וועלכע ער שאפט. אין יעדער אנדערער קונסט, — אין דער פלאסטישער און אין דער ווערטליכער באזונדערס, — געפינען זיך דאס מאטעריאל פונ׳ם קינסטלער — די פארבן, דער ליינוואנד, דאס ווארט און דער אויסדרוק — ווי אויך דאס געצייג פונ׳ם שאפן — דער פינזל, דער מאָלבער א. א. וו. — א ו י ס ע ר דער שאפענדער פערזענליכקייט. דאס אלעס ליגט פ אַ ר ן שאפער, ער קאן אויסקלייבן, נאכזוכן דעם אדער אן אנדערן מאטעריאל, זיך באנוצן מיט דעם אדער מיט׳ן אנדערן געצייג, און נאך דעם ווי דער שאפונגס־פראָצעס איז פארענדיגט, איז דאַס געשאפענע ווערק אויסערליך אינגאנצן אבגעטיילט פונ׳ם אויטאָר, וועלכער פארוואנדעלט זיך, גלייך מיט אנדערע אין א זייטיגן צוזעהער, אדער לעזער, און קאן אויף זיין שטייגער קריטיקירן און אבשאצן דאס געשאַפענע ווערק. אין דער קונסט פונ׳ם אקטיאָר אבער ליגן אי די שאפענדע פערזענליכקייט, אי דער מאטעריאל — דער גוף פונ׳ם אקטיאר — אי דאס געצייג — די באוועגונג פון די מוסקולן, דאס ציטערן פון דער שטימע — אי דער עצם פונ׳ם געשאפענעם קונסטווערק — די אויפגעפירטע סצענישע געשטאלט — אין איין און דעם זעלבן אביעקט. דערצו קומט פאָר די גאנצע שאפונגס־ארבייט באם פובליקום פאר די אויגן. וויפיעל מ׳זאל ניט מאכן רעפעטיציעס, מוז דער אקטיאָר באם שפיעלן יעדעס מאל פון ס׳ניי עמאָציאָנעל דורכגיין דעם גאנצן קרייז פונ׳ם שאפונגס־פראצעס, באנוצענדיג כסדר דעם זעלבן מאטעריאל און דאס זעלבע געצייג. אין געגנזאץ צום פלאַסטישן קינסטלער, קאן דער אקטיאָר ניט אנקוקן זיין ווערק פון דער זייט, און קאנטראלירן עס קאן ער נאר מיט עפיס א אינעווניגסטן זעה־חוש, — וועלכעס איז, לויט דעם טרעפליכן אויסדרוק פונ׳ם רעזשיסער פון מאסקווער קאמער־טעאטער אַ. טאַאיראָוו, „דער צווייטער שאפענדער «איך», דער „רואה ואינו נראה".

א צווייטע אייגנטימליכקייט פון דער טעאטערקונסט איז זיין ס י נ ט ע ט י ז ם. דאס פונ׳ם אקטיאָר געשאפענע בילד מוז הארמאָניש זיך צונויפגיסן מיט דער פארב פון דער דעקאָראציע, מיט דער גאנצער סצענישער לופט פון אָט דעם קליינעם טרעפל, אויף וועלכן ס׳קומט פאר דאס שפיל, מיט׳ן קאָסטיום, וועלכער איז א וועזענטליכער אויסדרוק פון דער געשאפענער געשטאלט, און ענדליך, מיט דער מוזיקאלישער צייכנונג פון דער גאנצער פיעסע. דער דאזיגער עלעמענט פון דער טעאטערקונסט אנטפלעקט יענע נאטור זיינע, וועלכע באַשטייט אין דער ריטמישקייט פון דער סצענישער האנדלונג. דער ריטם איז די נשמה פונ׳ם טעאטער, אין א ריכטיגן און אמת קינסטלערישן ריטם ליגט דער שליסל צו דער שיינקייט און דערהאבנקייט פון דער טעאטער־קונסט. מ׳קאן אפילו ניט פארשטיין דעם ווערטער־מאטעריאל, מיט וועלכן ס׳באנוצט זיך די שאפענדע פערזענליכקייט פונ׳ם אקטיאָר, מ׳קאן מיט א רעטזעלהאפטן שמייכל ארומקוקן דאס אמאל „ניט־פארשטענדליכע" געמעלעכץ פון דער דעקאָראציע און פונ׳ם קאָסטיום, — אויב אבער נאר דער ספעקטאקל גייט דורך אין א ריטמישן צונויפגאָס פון אלע עלעמענטן פון דער פארשטעלונג, — איז דער צוזעהער פארכאפט פון יענער עסטעטישער באפרידיגונג, וועלכע עס גיט א אמת׳דיג קונסטווערק.

די נאר וואס סומירטע געדאנקן זאגן עדות ווי קאָמפליצירט און ערנסט ס׳איז די טעאטער־קונסט. דער גרונד־צוועק פון דער אקטיארישער האנדלונג — צו געבן א פאַרענדיגטע קינסטלערישע געשטאלט, זי געבן טאקי אָט דא, פאר די אויגן פונ׳ם פובליקום — ווערט דערגרייכט דורך א רייה אינערליכע און אויסערליכע צופאסונגען. ווי געניאל ס׳זאל ניט זיין דער אקטיאָר, איז ער — דאס דארף מען געדענקען — באַרויבט פון יענער „פרייהייט" פון פערזענליכער שאַפונג, וועלכע ס׳פארמאָגט דער קינסטלער פון ווארט און פון פינזל. זיין שאפונגס־פרייהייט איז משועבד צום ריטם פונ׳ם גאנצן, ער איז געבונדן ניט בלויז דורך׳ן סצענישן קאָלעקטיוו, נאר אויך דורך דער קינסטלערישער אטמאָספער פונ׳ם טעאטראלישן ברעטל.

ס׳איז לחלוטן קלאר, — צו לעזן אזא קאָמפליצירטע און שווערע קינסטלערישע אויפגאבע איז ניט גענוג בלויז דער שוישפיעלערישער „בארוף", פונקט ווי עס איז ניט גענוג נאר די פעהיגקייט אינערליך „איבערצולעבן די ראָלע", כדי צו געבן א פארענדיגטע טעאטראלע געשטאלט. ס׳איז נאך נייטיג דערצו א פארעקשנטע און סיסטעמאטישע ארבייט. יעדע סצענישע אויפגאבע ווערט געלעזט ניט בלויז דורך׳ן אינעווייניגסטן איבערלעבן, נאר הויפטזעכליך דורך דער אויסערליכער קינסטלערישער פ אָ ר ם, און דיעזע ווערט דערגרייכט דורך דער צופאסונגס־טעכניק פונ׳ם גאַנצן שוישפיעלערישן מאטעריאל, ד. ה. זיין גוף, זיינע מוסקעל־באוועגונגען, זיין קונסט צו גיין, לויפן און אפילו שפרינגען אויף דער סצענע, ענדליך זיין שטימע, זיין אויסשפראך א. א. וו.

איז אונזער יידישער טעאטער אמאל צוגעגאנגען צו דער לעזונג פון אָט דער אויפגאבע אָט אויף אזא אופן? דרייסט קאן מען זאגן: ניין! שפיעלן טעאטער, שטעלן ספעקטאקלען, און ניט בלויז איינאקטיגע וואָדעווילן, נאר די ערנסטסטע מאָנומענטאלע פיעסן, ווי „אוריאל אַקאָסטאַ", „גאָט פון נקמה" א. ד. גל. האט זיך גערעכנט בא אונז אלס א זאך, וואָס איז צוגענגליך פאר יעדן, ווער נאר ס׳האט מוט און אביסל פעהיגקייט.

אין פלוג איז דאכט זיך, קלאר: — יארן דארף מען האבן כדי בייצוקומען די טעכנישע קענטנישן פון וועלכער ס׳ניט איז מלאכה. יארן זיינען נייטיג, כדי צוצופאסן די פעהיגקייטן און אפילו איינגעבוירענעם טאלענט, צום וויסענשאפטליכן דענקען און ארבייטן, — אבער שפיעלן אויף דער סצענע, לעזן די, פון קונסטשטאנדפונקט, סאמע קאָמפליצירטע אויפגאַבן, דאס קאן מען באלד, אהן שום הכנות, אבי נאר דורכגעמאכט עטליכע רעפעטיציעס און אויסגעלערנט אויף אויסנווייניג דעם גאנצן ווערטער־מאַטעריאל!

די „הבימה" איז געווען בא אונז די ערשטע, וואס האט דאס פארשטאנען. איר גרינדער און פלאמענדער באגייסטערער, צמח'ן, איז געלונגען פון אנהויב־אן — אין די יארן 1917־18 — זיך ארומצורינגלען ניט נאר מיט א טאלענטירטער יוגענד, נאר אויך מיט אזעלכע, וואס האבן אינערליך געפלאקערט מיט אן אמת'ן און ניט־פארלעשליכן שאפונגס־ברען. אביבית, גראָבער, ראָווינאַ, סטאַראַבינעץ און עליאַס; וַרדי, גנעסין, גורעוויטש און צמח — דאס זיינען דאך מענשן ניט נאר מיט טעאטראלישן „בארוף". זיי זיינען געקומען צו דער „הבימה" שוין מיט א געוויסער ערפאהרונג און אייניגע אפילו מיט עפיס־וואס א נאמען *). אין דער „הבימה" אבער האבן זיי אנגעהויבן ניט *שפיעלן*, נאר *לערנען* זיך ווי אזוי קינסטלעריש צו שאפן און מייסטערהאפט צו ארבייטן. די „הבימה" — פלעגט ניט איינמאל צמח זאגן, — איז נאך ניט דער טעאטער פון היינט, זי איז ערשט א בית־מדרש, א שולע פאר דער יידישער סצענישער קונסט און דער טעאטער פון מארגן.

מאָסקווע האט באגייסטערט אָט די אפפערוויליגע קעמפפער פאר א נאציאנאלן יידישן טעאטער. די שטאדט וואו די גלענצענדע טראדיציעס פון „שטשעפקינס הויז" (דאס קליינע טעאטער) האבן מגדל געווען סטאניסלאווסקיס „קינסטלערישן טעאטער", וועלכער האט די סצענישע קונסט דערהויבן צו די העכסטע שפיצן פונ'ם מענשליכן קינסטלערישן שאפן, — דאס מאָסקווע, וואו אין די סאַמע אומרוהיגע יארן פונ'ם בירגערקריעג און דעספאָטיע־הערשאפט האט ניט אויפגעהערט צו פלאקערן דאס פייער פון שאפונגס־זוכעניש נאך נייע טעאטראלישע פארמען, — איינער פון די טרעגערס זייערע איז, אגב, געווען אויך דער לעהרער און רעזשיסער פון „הבימה", דער טאלענטפולער תלמיד פון סטאניסלאווסקי'ן, דער היינט שוין זעליגער וואַכטאַנגאָוו, — אין דעם דאזיגן מאסקווע, און דוקא דא, האט געקאנט אוועקגעלעגט ווערן דער פונדאמענט פאר'ן קינפטיגן יידישן קונסט־טעאטער.

דער בוי פון „הבימה" האט זיך אנגעהויבן. די פון גאָט באגייסטערטע ערשטע מוירער האבן זיך אויסגעקליבן אלס ערשטן ארכיטעקטאָר דעם אומפארגעסליכן וואַכטאנגאָוו.

דער שיקזאל אליין האט א שמייכל געטון צו דער „הבימה". אין וואַכטאַנגאָווען האבן זיי באקומען א רבי'ן און א רעזשיסער פאר וועלכן דאס לעבן איז געווען א קונסט און די קונסט — דאס לעבן.

אין ענגער געגנזייטיגער מיטארבייט, ברענענדיג מיט א הייליג פייער פון ליבע צו דער יידישער קונסט, האבן די כהנים פון דער „הבימה" אנגעהויבן זייער ביישפיללאזן דיענסט פאר'ן מזבח פונ'ם יידישן טעאטאר.

און איצט איז דער דאזיגער טעאטער אויסגעבויט. ווי אזוי איז ער אנטשטאנען? ווי אזוי האט געקאנט אָט דער וואונדערליכער טעמפל פון קונסט, וואס מיט זיין שפיץ דערלאנגט ער ביז צו דער הויך פון די הימלען, ווי אזוי האט ער געקאנט אויסגעבויט ווערן גראד אין מאסקווע, אין מיטן דעם כאַאָס פון צעשטערונג, אין א לאגע פון מוראדיגסטער מאטעריאלישער נויט? ווי אזוי האט געקאנט אָט דער נס געשעהן? — אויף די דאזיגע פראגן קאן געגעבן ווערן נאר יענער ענפער, וואס ווערט געגעבן אויף דער פראגע: — פאר וואס לייכט די זון, פאר וואס איז פריהלינג געקומען, פאר וואס שמעקן די רויזן? — דער סוד פון דער „הבימה" ליגט אין דעם אונערשעפליכן און אונערקלערליכן ווילען פון מענשן צו שאפן, און אויך אין דעם, פון אונז אלע דורכגעלעבטן אנגעשטרענגטן שטרעבן צו שאפן פאר זיך אייגענע קינסטלערישע פארמען, אין וועלכערס אַטמאָספער עס האט *געמוזט* ערשיינען אויך א יידישער קינסטלערישער טעאטער.

דעם 8־טען אָקטאָבער 1918 האט זיך, אין א קליינעם היימישן זאל, אין איינעם פון די אלטמאָדישע הויפן פון דער אלט־אדעליגער מאָסקווע, אויפגעהויבן דער פאָרהאנג איבער א קלייניקער סצענע פון דער „הבימה־סטודיע". א ניט גרויסעס טעאטראליש ברעטעל איז נאָך ביז היינט ניט מיט קיין ראמפע אבגעטיילט פונ'ם צוזעהער־זאל, און אָט די אויסערליכע צונויפגיסונג פון דער סצענע מיטן זאל האט אזוי ווי סימבאָליזירט די שאפונגס־צונויפגיסונג צווישן אקטיאָר און צוזעהער.

„א אָוונט פון סטודיען־ארבייט" (נשף בראשית) אזוי האט מען אנגערופן אָט די ערשטע כחות־פרוב פון דעם יינגען טעאטער. די פיער איינאקטערס (אש'ס „די עלטערע שוועסטער"; פרץ'ס „ס'ברענט"; קאצענעלסאָן'ס „החמה" און בערקאוויטש'ס „פגע רע"), וועלכע מ'האט דא דעם פובליקום באוויזן, האבן געזאלט אילוסטרירן ניט אזוי פיל די אייגנטימליכע וועגן פון דעם דאזיגן טעאטער, ווי זיין שוישפילער־מאטעריאל און די אין אים באהאלטענע קינסטלערישע פאָטענצען. די זאכן זיינען געשטעלט געוואָרן פון וואכטאנגאָווען אין די געוועהנליכע טשעכאָווישע טענער פונ'ם מאָסקווער קינסטלערישן טעאטער און פון דער זייט האבן זיי באם געוואוינטן מאָסקווער טעאטער־באזוכער ניט געקאָנט ארויסרופן ניט קיין באזונדער פארוואונדערונג און ניט קיין באגייסטערונג.

אבער פאר אונז יידן, וואס מיר חלומען שוין לאנג וועגן א יידישן קינסטלערישן טעאטער, איז דער דאזיגער „אָוונט פון סטודיען־ארבייטן" געווען אן אמת'ע אנטפלעקונג און פאר יעדן פון אונז א ריכטיגער קונסט־יום־טוב.

יא געוויס, — קיין שום „נייע וועגן". די זעלבע טשעכאָווסטשינע אויף דער סצענע, אלט באקאנטע „איבערלעבונגען", שטימונגען", יענע האלב־טענער פון טשעכאָווס "וויינשעל גארטען" און „דריי שוועסטער" — אבער וואָסער א פיליגראנע געשטיקטע באארבייטונג, וואס פאר א עדלע אינערליכע און אויסערליכע טעכניק, וועלכער אמתדיג מוזיקאלישער ריטם, וואס פאר א געטליכע באגייסטערונג הערשט איבער אָט דער קלייניקער סצענע, און מיט וועלכן געטליכן פייער ברענען ביי זיי די הערצער און עס פינקלען די אויגן!

*) איך מיין דאָ די פארמאָסקווישע צייט פון דער „הבימה", די צייט פון אַמאַטער־פארשטעלונגען אויף העברעאיש, וועלכע צמח האט פאַראַנשטאלטעט מיט דער באטייליגונג פון אייניגע איצטיגע „הבימיסטן" נאך פאר דער מלחמה אין ביאַליסטאָק, ווילנא, אָדעס און אפילו וויען. די דאָזיגע צייט נעמען מיר גאָר ניט אין באַטראַכט אין דיעזער אבהאנדלונג.

שלום אש׳ס „עלטערע שוועסטער״ — איז די סימבאָליק פון דער געגנזעצליכקייט צווישן דעם בליהענדען פריהלינג און אבגעוועלקטן הערבסט, צווישן דעם שטירמיש־פריידיגן וואקסן פון א אנהייבענדיגער יוגענד (יולקע — אביבית) נעבן אויסלעשענדע און אריבערגעהנדע יארען פון ראמען (די ראָלען ווערן דובלירט פון עליאס און שפרה, פריהער: פון סטאַראָבינעץ), וועלכע הערט פונדעסטוועגן ניט אויף צו טרוימען וועגן גליק. ווי דייטליך, ווי בולט איז זי אויסגעמאלט געוואָרן דורך די סטודיאנטען פון דער „הבימה״! די מוטער ווערט געשפיעלט דורך ראָווינאַ. ווי אויסגעטאָקט זי שטעלט דאס פאָר אָט די שיינע יידישע מאמע, וועמעס נשמה איז פארפילט מיט אָפּפערדיגער ליבע צוביידע טעכטער, אין וועמעס הארץ אבער די ליבע און די ליידן זוכן א שלום מיט דער עדלער מיטערליכער פליכט. ווייטער גייען דריי קלענערע עפּיזאָדישע ראָלען, — די שדכנטע (תמימה), יודיל (גנעסין אָדער הורעוויטש) און שפּרינצע (גראָבער אָדער הענדלער).

מיט בליאסקדיגע, זאפטיגע שמירען האבן זיי, די שטירמישע יונגע טאלענטן, אנגעוואָרפן א בילד, ניט אזוי מיט די ווערטער ווי מיט דער דינאמיק פון דער האנדלונג, פון אונזער קליינשטעטלדיגן איינפאכן און סקוטשנעם לעבן, אין א ווינטער, ווען די וועגן זיינען מיט שניי פארשיט, פון דעם פריץ, וואס הערשט נאָך אלץ איבערן שטעטיל ווי א מיטעלאלטערליכער דוכס, פון דער שדכנטע, אָט דער איינציגער שטראל פון עפּיס פרייד, צי נייגעריגקייט, וואס רייסט דורך די דאזיגע לופט פון פארגליוווערטן לעבן.

„ס׳ברענט״ — אין אָט דעם אביסל סטיליזירטן פרץ׳שען בילד פון א יידישער פרוי פון א אָרטאָדאָקס־חסידישער סביבה, האבן צמח און אביבית, וועלכע פיהרן דאָרט די הויפּטראָלן, אנטפלעקט ניט נאר דעם בליאסק און פארביגקייט פון זייער באַגאבונג, נאר זיי האבן באוויזן הויפטזעכליך די איינגעטראכטקייט און ערנסטהאפטיגקייט, מיט וועלכע מ׳דארף צוגיין צום לעזען פון אפילו דער קלענסטער סצענישער אויפגאבע. ס׳איז גענוג צו דערמאנען כאָטש בלויז צמח׳ס גרים, אָדער סצענישע מאסקע, בשעת זי אנטפלעקט זיך פארן צוזעהער, ווען דער פאָרהאנג הויבט זיך אויף. דא זיינען די ווערטער שוין ניט נייטיג. די פלאסטיק פון די באוועגונגען און פון דער שטימע, אלע מיט ליבשאפט באארבייטע קליינינגקייטן אינ׳ם זשעסט, אין דעם אונטערזונגען, אין די לאסקעדיגע רמזים צום יונגן — ביי אים שוין די פיערטע — ווייבעל — אָט דאס אלעס איז עפּיס מעהר ווי א בלויזע קאָפּיע פון דער נאטור, ווי א פאָטאָגראפיע פונ׳ם לעבן. דאס איז שוין א באשטימטער קינסטלערישער אויפטהו, א אידעע, פארפליישט אין א פארענדיגטער קינסטלערישער געשטאלט. שושנה אביבית אין דער ראָל פון חנה. די דאזיגע ראָל האט דער מחבר אויפגעשטעלט אויף דעם ריס אין דער פיינפיהליגער נשמה פון א פרוי, אויף דעם טראגישן צוזאמענשטויס צווישן דעם געבאָט פונ׳ם מאָראלישן חוב פון דער פרוי צו׳ן איר מאן און די אלץ נאָך ניט אויסלעשענדע פונקען פון ריינער ליעבע צו דוד׳ן. די צייכנונג, וועלכע אביבית האט געגעבן דער דאזיגער ראָלי, הויבט אויף, סיי מיט׳ן ריטם פון די אויסערליכע באוועגונגען, סיי מיט דער „ענערגיע״ פון די אינערליכע איבערלעבונגען, דעם גאנצען פרץ׳שען עטיוד צו דער הויך

פון אן אמת׳ער טראגעדיע. לאנגזאם, אבער געזעצמעסיג, אנטוויקעלט זיך פארן צוזעהר די טראגעדיע פון ליידענפולע איבערלעבונגען פון א יונגען פרויען־האַרץ אין דער סביבה פונ׳ם אלטען יידישען לעבן.

דער וואונדערליכער מעטאלישער קלאנג פון דער יונגער ארטיסטין׳ס שטים וואקסט אינאיינעם מיט דער כוואליע פון אירע נשמה־ליידן און יסורים. און בשעת עס פארכאפּט זי די אינערליכע פארווירונג, וואו אין א אנגעשטרענגטן קאמף צווישן דער אונטערטעניגקייט פונ׳ם פרויען־גורל און א דראנג פון שטירמישער יונגער תאוה, וועלכער באשיינט מיט אמאל איר נשמה, איז גובר דער לעצטער און גיסט זיך אויס אין א קוש פון צוויי ליעבענדע הערצער, חנה און דוד, — זיינען שוין ניט נייטיג געוועזן קיינע אויסערליכע סצענישע עפעקטן, וועלכע האבן געדארפט אויסמאָלן א ש ר פ ה הינטער די קוליסן, כדי מיר זאָלן דערשפירן מיט׳ן גאנצן געפיהל פון קראפט און שיינהייט, אז דא האט זיך אנגעצונדן א מענשליך האַרץ און אָט וועט עס פארקויהלט ווערן.

צום לעצט זיינען געגאנגען די פּיעסן „החמה״ (די זון) און „פּגע־רע״. אין זיי זיינען אויסגעפּראָבירט געוואָרן די איבריגע קרעפטן פונ׳ם קאָלעקטיוו און זייערע פעהיגקייטן. אויך דא פארבלייבט אויף אייביג די געשטאלט פון דעם פּגע־רע, וועלכע ס׳האט געשאפען דער וואונדערליכער טאלענט פון ורדי. אָט דער אקטיאָר פון גאָט׳ס גענאד שפּילט, ווי אן אמתער מייסטער־באשאפער, די דאזיגע דורכאויס קאָמישע ראָל מיט עפּיס א באזונדערן אינעווייניגסטן חוש, וואס נאר זיין טאלאנט ווייסט פון אים דעם סוד. גלייך ווי זיך אליין שפּיעלט ער. ער ווערט אינגאנצן מגולגל אין דער געשטאלט, וועלכע ער שאפט יעדעס מאָל פון ס׳ניי.

די קלאנגען פון דער העברעאישער שפּראך, וואס גיסען זיך אראפּ פון דער סצענע, זיינען ניט יעדן אין זאל פארשטענדליך. אבער ס׳איז ניטא קיין איינציגע באוועגונג, קיין איינציגער זשעסט, וואס זאָל ניט זיין בארעכטיגט, וואס זאָל פאר אייך ניט זיין איבערצייגענד.

אָט דאס איז געוועזן דער ערשטער פּרוב־באווייז פון דער „הבימה״. אויף די דאזיגע סטודיען־ארבייטן האט מען ניט אנדערש געקאנט קוקן ווי אויף עקזאמען־ספּעקטאקלן פון דער „הבימה־סטודיע״.

און דער עקזאמען איז אויסגעהאלטן געווארן גלענצענד. די אויפגאבע פונ׳ם „אוונט פון די סטודיען־ארבייטן״ איז גאר ניט באשטאנען אין דעם, טאקי, שוין אויף׳ן ארט „מעלדען דער וועלט״ א נייווארט אין דער טעאטער־קונסט. דער פארדיענסט פון „הבימה״ אין דער דאזיגער צוגרייטונגסצייט פון איר ארבייט, באשטייט גראד אין דעם, וואס זי האט צייטווייליג זיך אבגעזאגט פון אירע אייגענע זוכונגען נאך די וועגן פון א טעאטער פון רעאלער שאפונג, און אלע אירע קרעפטן און פעהיגקייטן אבגעגעבן אויף אויסצולערנען די מ ע ט א ד ע ן און די מ י ט ל ע ן צום אויפבוי פון קומעדיגן יידישן טעאטער. די „הבימה״ האט געלערנט, זי האט די ערשטע בא אונז באגריפן, אז פונקט אזוי ווי אויף׳ן געביעט פון וויסנשאפטליכן דענקען וואלט לעכערליך געוועזן, אז א גימנאזיסט זאל זיך פארנעמען מיט דער לעזונג פון די

אייביגע פילאזאפישע פראבלעמען, אזוי קאן ניט א אקטיאר־אנפאנגער, א אקטיאר־אמאטער באנעמען די ווייטע וועגן פונ׳ם נייעם יידישן קינסטלערישן טעאטער.

די „הבימה" האט נאר באוויזן די רעזולטאטן פון איר ערשטן ארבייטס־יאר. זייער מהות באשטייט אין דעם, אז אונטער דער אנפיהרונג פונ׳ם טאלענטפולן וואכטאנגאוו

די אייגענטליכע טעאטער־ארבייט, דאסווירקליכע זוכען נאך דער פארם און אינהאלט פון יידישן טעאטער הייבט זיך אן ערשט נאך אט די ערשטע באווייזן פון די סטודיען־ארבייטן. באקומענדיג מיט רעכט אמונה אין די אייגענע כחות און אנצינדנדיג זיך מיט יענעם פייער פון קינסטלערישער שאפונג, וועלכעס באלייכט פון דעמאלט אן אונאויפהערליך דעם



נ. צמח אין דער ראָל פון „וואנדערער" אין פינסקיס דראמא „איי־ביגר ייד", אויפגעפירט אין דעם מאָסקווער העברעיִשען טעאטער „הבימה".

ZEMACH AS THE "WANDERER" IN "THE WANDERING JEW".
HEBREW THEATRE "HABIMAH". MOSCOW.

האבן די פעהיגע סטודיאנטן פון דער „הבימה" זיך איינגע־אייגענט א סיסטעם און א מעטאדע פון ריכטיגער ארבייט אויף׳ן געביעט פון דער טעאטער־קונסט. די ארבייט איבער דעם אינערליכן איבערלעבן פונ׳ם סצענישן מאטע־ריאל איז געגאנגען פאראלעל מיט׳ן אויסלערנען און איינאייגנען די אויסערליכע טעכניק, אין וועלכער אליין עס איז פארבארגן דאס ערבות צו געפינען די ריכטיגע קינסטלערישע פארם פאר דער טעאטראלישער האנדלונג.

שווערן און שטאכעלדיגן וועג פון אט דעם יונגען טעאטער, — איז די „הבימה", פארטזעצענדיג איר שטודיום פון דער טעאטרא־לישער „וויסענשאפט", אריינציהענדיג אלעמאל אין קרייז פון איר איניציאטיווע אלץ נייע און נייע יונגע קרעפטן, אין דער זעלבער צייט שטיין געבליבן פאר דער ערנסטעסטער פראגע, — מיט וועלכן וועג זאל מען גיין צו דעם אנגעצייכנטען ציעל?

צוויי גרונד־ריכטונגן האבן אין מאָסקווע דעמאָלט ארומ־געשטריטן צווישן זיך אין דער טעאטער־קונסט.

דער מאסקווער קינסטלערישער טעאטער איז געווען, קאן מען זאגן, דער גלענצענדסטער און פולסטער אויסדרוק פון די אידעען פון דעם נאטוראליסטישן טעאטער. עס האבן זיך אבער באוויזן א גאנצע פלעאַדע געגנער צו אָט דעם טעאטער צו די פרינציפּן פון זיין אויפפירונג און צו יענעם באזונדערן טעמפּ פון זיין שפּיעלן, מיט וועלכע ער האט אין זיין ערשטן בליאַסק גראד באצויבערט דעם צוזעהער־זאל.

אצינד האט מען אים אנגעהויבן פאָרווארפן זיין הכנעה פאר׳ן „אמת פונ׳ם לעבן״ בשעת די אויפגאבע פונ׳ם טעאטער איז גאר אויסצומאָלן דעם „אמת פון דער קונסט״.

דער פראָנט פון די געגנער צו סטאניסלאווקיס טעאטער האט זיך צעווארפן אויף א גאנץ ברייטן קרייז — פון מייער־כאָלד׳ס באדינגטן טעאטער, איבער דער אידעע פון גאָרדאָן קרעגס מאַריאנעטן־טעאטער און ביז וויאַטשעסלאַוו איוואַנאָווס זאמעל־טעאטער און טאַאיראָווס ניי־רעאליסטישן טעאטער.

אָט די אלע נייע שטרעמונגען זיינען אנטשטאנען אלס געזעצמעסיגע רעאקציע צו די פארמען פון אלטן נאַטוראַליסטישן טעאטער, וועלכע האבן, אהן ספק, שוין אנגעהויבן אויסהויכן די נשמה זייערע, — און אין מאָסקווע, צו יענער צייט, וואס פאלט צוזאמן מיט דער באָלשעוויסטישער בהלה׳דיגער נאַציאנאַליזאציע פון אַלע טעאטערען, האבן די סימפּאטיעס פון דעם נייעם נאך־רעוואָלוציע־פּובליקום זיך א נויג געגעבן צו טאַאיראָווס קאַמער־טעאטער, וועלכער איז אינגאנצן אויפגעבויט ניט אויף דעם א י נ ע ר ל י כ ן שפּיל פונ׳ם שוישפּילער, נאר אויף דער „טעאטראליזירטער״ פארם פון דער אויסערליכער טעכניק פונ׳ם שפּילן.

דער טעאטער האט אוועקגענומען דעם צוזעהער פונ׳ם לעבן און אים ארייגעפירט אין א וועלט פול וואונדערליכע פאנטאזיעס און מעשה׳לעך, — און דארט וואו ס׳האט שוין ניט געקלאפּט דער לעבעדיגער דופק פון לעבן, איז אין דער ערשטער שורה געשטאנען דאס קאַפּריזע אויסטראכטעניש פונ׳ם, אין זיין שאפונגס־פליה לגמרי פונ׳ם לעבן „באפרייטן״, אקטיאָר און רעזשיסער.

וואו זשע ליגט, אלזא, דער „אמת״ פונ׳ם קינפטיגן יידישן טעאטער? — צו אין די אלטע אויסגעפּרובטע געבאָטן פון מענינגשען טעאטער, וועלכע ס׳האט איבערגענומען און געניאל דערפירט צו׳ן א גאנצן הארמאָנישן סיסטעם דער מאסקווער קינסטלערישער טעאטער, צו אין יענע דרייסטע, אפשטאל עזות׳דיגע פּרובן פונ׳ם יונגן, טאלענטפולן אלעקסאנדער טאַאיראָוו (קאָרנבליט)? אדער אפשר זיינען דעם יידישן טעאטער אנגעצייכנט גאר נייע, זיינע אייגענע וועגן, און די „הבימה״ דארף עס אנטדעקן איר אייגענעם „אמת״ אויף׳ן וועג פון שאפונגס־זוכענישן?

אויפקלערן אָט די באאומרוהיגענדע און דריקענדע ספקות איז געווען אונגלויבליך שווער. איינס מוז מען אבער שוין איצט, נאך אלעמען, זאגן, אלס איבריגן שבח פאר צמח׳ן און זיין „הבימה״: די דאזיגע שווערע קינסטלעריש־קולטורעלע אויפגאבע האבן זיי געלעזט ניט מיט צוגעטראכטע טרוקענע פארמעלן, ניט מיט טויטע סכעמעס, נאר אין ברען פון קינסטלערישער ארבייט, אין וואכעדיגן פון דער טאג־טעגליכער ארבייט, אין אפּפערדיגער ליבשאפט צו דער זאך, וואס איר צו דיענען זיינען זיי פונ׳ם גורל באשטימט געווארן.

און זיי זיינען אוועק מיט זייער א י י ג ע נ ע ם וועג.

קודם כל האבן זיי זיך אזוי ווי גאר אינגאנצן אבגעריסן פונ׳ם „ביט״. אסך שרייבן דאס צו דער שפּראך, אויף וועלכער די „הבימה״ שפּיעלט. העברעאיש מיט זיין געהויבענער ווארט־פרעגונג איז כלומרשט ניט מסוגל סצעניש צו פארקערפערן די ערשיינונגען פונ׳ם וואכעדיגן לעבן. נאר דאס ווערט לחלוטין אבגעלייקענט דורך דעם פּרוב פון די „סטודיען־ארבייטן״. אין „פגע־רע״ רעדט ורדי מיט אזא איינפאכער, עלעמענטאר־וואכעדיגער שפּראך, אז אפטמאל ווייזט זיך אויס, אז ער איז פארשטענדליך אפילו פאר יענער יידענע, וואס אירע גאנצע קענטניש פון העברעאיש האט זי געשעפּט פון די תחינות און פון „צאינה וראינה״.

ניין, דאס האט ניט צו טון מיט דער שפּראך, וועלכע האט היינט שוין דערוויזן איר בויגזאמקייט און דראַטיגקייט, אנגעהויבן פון ביאַליקס פּאעטישע הויכקייטן ביז צום כלי־זיין פון א געוועהנליכן טאג־טעגליכן געשעפטס־שמועס. דער טעאטער גופא, אלס אזעלכער, אין דעם דאזיגן קינסטלערישן צונויפגאָס זיינעם, און מחמת די אונבאוואוסטע פארבארגענע געזעצן פון דער שאפונג, — האט זיך אויסגעקליבן צו גיין אויף׳ן וועג ניט פונ׳ם רעאליסטישן ביט, נאר פון א ה ע ל ד ן־ט עַ א ט ע ר. און דא דאכט זיך מיר, זיינען אומזיסט אלע פּרובן צו געפינען די א ו נ מ י ט ע ל ב א ר ע סבות פון דער דאזיגער ערשיינונג. אין א ברייטערער היסטארישער באלייכטונג קאן מען דאס מיט השערות דערקלערן דורך א גאנצע רייה פון פאקטן, גענומען פון דער צייט, פונ׳ם ארט און פון דער סביבה, — אבער אונמיטעלבאר, אזוי־צו־זאגן עמפּיריש, האט די „הבימה״ זיך געשטעלט אויף איר היינטיגן וועג געגוי אזוי אומבאמערקט, אזוי ווי דער פּאָעט, וואס נעמט זיך שרייבן גרויסע טראגעדיעס און ניט קיין קליינינקע ערצעהלונגען פונ׳ם לעבן. דאס איז דער גרויסער סוד פון דער מענשליכער שאפונג.

אברייסנדיג זיך פונ׳ם „ביט״ איז די „הבימה״ שוין דערמיט אליין אוועק פונ׳ם גרונד־עלעמענט פונ׳ם נאטוראליסטישן טעאטער און פאר אירע סצענישע אויפגאבן האט זי געמוזט זוכן אנדערע פארמען.

און די „הבימה״ איז דא אוועק מיט׳ן ריכטיגן וועג. דער „אייביגער ייד״ און דער „דבוק״ — דאס זיינען די צוויי פּיעסען, אין וועלכע ס׳האט זיך אנטפּלעקט דאס פּנים, דאס אייגענע פּנים פון דער „הבימה״, אין זיין גאנצער שיינקייט און פארביגקייט. אין די דאזיגע צוויי אויפפירונגען אבער זיינען סינטעטיש דורכגעפירט די בעסטע מיטלען און פארמען פונ׳ם אלטן נאטוראליסטישן און פונ׳ם נעאָ־רעאליסטישן טעאטער. סטאַניסלאַווסקיס גייסט שוועבט אהן ספק איבער די דאזיגע צוויי וואונדערליכע פארשטעלונגען, — אבער די פליגלען פון אט דעם גייסט האבן ניט פארמאגט צו דערדריקן מיט זייער פארנעם און מיט זייער געוויכט די יונגע, אינדיווידועלע שפּראצונגען פון דער טאלענטירטער „הבימה״. באגייסטערט פון איר באליבטן לעהרער, זוכט זי אומבאמערקט אירע אייגענע וועגן, פּרובט זיך אנטפּלעקן איר אייגן געזיכט. און ווער ווייסט, צי וועט ניט סטאַניסלאַווסקי אליין אמאל זאגן מיט די ווערטער פון יענעם תּנא: הרבה למדתי מרבותי ומחברי, אבל מתלמידי יותר מכולם. (א סך האב איך געלערנט

פון מיינע רבים, פון מיינע חברים, אבער מער פון אלע — פון מיינע תלמידים).

פינסקי'ס „אייביגער ייד" איז א איינאַקטיגע מעלאדראמע, קינסטלעריש בא וווייטן ניט קיין פאלקאמענע זאך. א פיעסע מיט א קנאפּער דינאמיק פון דער האנדלונג, אינערליך אפילו ניט פאראייניגט מיט א קינסטלערישן ציעל. דארט זיינען ווי באַריכט עטליכע טעמעס מיט אמאל, וואס יעדע פון זיי באַזונדער וואלט געקאנט דיענען אלס מאטעריאל פאר א זעלבסט־שטענדיגער טעאטראלישער פיעסע.

פאר דער „הבימה" אבער איז דאס געווען א דאנקבארער מאַטעריאל פאר א טעאטראלישער באארבייטונג. די פיעסע איז אויף דער סצענע ניט צו דערקענען. פון דער שווינד־זיכטיגער, בלוטארימער מעלאדראמא איז אין שאפונגס־קעסעל פון דער „הבימה", געווארן אן אמת'ע נאציאנאלע טראגעדיע. ס'זיינען אריינגעפירט געווארן נייע סצענעס, די פסיכישע פי־גורן פון די ווירקענדע פערזאנען זיינען איבערגעארבייט געווארן לויט א אייגענעם פלאן און כוונה. דער דעקלאמא־טארישער עלעמענט וועלכער פאַרנעמט דעם ליטעראַרישן מאטעריאל פון דער פיעסע, איז כמעט אינגאנצן ארויסגע־ווארפן געווארן און דאס גאנצע שטיק איז אויפגעבויט אויף דער באוועגליכקייט פון דעם אקטיארס און פון דער מאסן־האנדלונג.

אט איז די סצענע פונ'ם מאַרק אין בירת־ארבע, מיט וועלכער די האנדלונג פון דער פיעסע הייבט זיך אן. באם מחבר שטייט דא א פראסטע אנמערקונג — דער מארק אלס ארט פון דער האנדלונג, די סצענע גופא הייבט זיך בא אים אן מיט'ן ערשיינען פון די שטאט־עלטסטע (זקני העיר).

אין דער אויפפיהרונג פון דער „הבימה" — אנגעפיהרט מיט איר האט א צווייטער טאלענטפולער תלמיד פון סטאניסלאווסקין, מגעדעלאָוו, — ווערט דער דאזיגער מארק געוויזען ווי א באזונדער בילד, ניט אין זיין שטעהענדיגער לאגע, דורך דער בלויזער טויטער אויסמאלעכץ פון די דעקאָ־ראציעס און אויסערליכע בוטאפאָריען, נאר אין דער באוועג־ליכקייט פון א מאסען־האנדלונג.

און דאס דאזיגע פארביגע בילד פארכאפּט אנטשידן דעם צוזעהער מיט זיינע, ביז צו די פיינסטע דעטאילען אויס־געראכנטע קינסטלערישן טעמפּ און ריטם. אין אָט דער מאסען־סצענע, אין אָט דעם מארק־המון, וואס באשטייט, צוליב דעם קליינינקן שטח פון דער סצענע בסך־הכל פון א מענשן 9 אָדער 10, איז ניטאָ קיין איין ס ט א ט י ס ט. יעדער אקטיאָר, יעדע אקטריסע אין דעם דאזיגן המון, איז א פאָלקאָם דורכ־געטראכטע און פארענדיגטע סצענישע געשטאלט.

און אָטדערפאר טאקע, וואס די דאזיגע קינסטלערישע סצע־נישע פיגורן האבן זיך באוועגט אויף דער סצענע און „געווירקט" ניט צופעליג, נאר גלייך ווי זיי וואָלטן געפאָלגט דעם ריטם פון א מוזיקאלישער פארטיטור, און יעדע ווירקענדע פערזאָן האט מיט אָט דער פלאסטיק פון דער באַוועגונג, מיט די טעאטראליזירטע זשעסטן, מיט'ן קאָסטיום, מיט'ן גרים און נאר זעלטן־ווען אויך מיט קורצינקע קלעפּ פין איינצעלנע פראזן, אויסגעפיהרט א געוויסע סצענישע אויפגאבע, — האט דער

צוזעהער זיך „איבערצייגט" אינ'ם קינסטלערישן אמת פון דער קונסט, וואס ווערט אים געגעבן פון אָט דעם קליינינקן סצענישן ברעטעל. דער דאזיגער מארק סימבאָליזירענדיג מיט זיין טומעל און צולאזטקייט די מאָראלישע ירידה פונ'ם פאָלק אין איינעם פון די קריטישעסטע מאָמענטען פון זיין געשיכטע, וועקט אויף אין אונזער באוואוסטזיין, דורך דער אמת'דיג קינסטלערישער און פיינער מאניער פונ'ם שפּיעלן, יענע אומפארגעסליכע בלעטליך פון תנ"ך, וואו ס'איז געשילדערט דער איינזאמער קאמף פון די נביאים מיט אט דער פאַלקס־צולאזנקייט.

פאר אונז שטייט עפּיס ווי א סטילישע קינסטלערישע אילוסטראציע פון די זיטן, אויסגעדרוקט מיט ניט קיין קלענערער עקספּרעסיע ווי די ווערטער פון ישעיהו:

„וגם אלה ביין שגו ובשכר תעו, כהן ונביא שגו בשכר,
„נבלעו מן היין תעו מן השכר... כי כל שלחנות מלא קיא
„צאה בלי מקום" (ישעיה כ'ח).

(אויך אָט די אלע האָבן זיך אין ווייַן אריינגעלאזט און
אין שארפגעטראנק פארווירט. דער כהן און דער נביא
זיינען אין שארפגעטראנק אריינגעטאן, דער וויין האט זיי
פארשלינגן, דער שארפגעטראנק האט זיי פארווירט...
דען אלע טישן זיינען פול מיט'ן אויסגעמייקעטן מיאוס־
קייט, קיין פלאץ מער ניטא).

אדער עמוס, בשעת ער מוסרט מיט צארן:

„השוכבים על מטת שן וסרוחים על ערשותם ואוכלים
„כרים מצאן ועגלים מתוך מרבק, הפורטים על פי הנבל,
„כדוד חשבו להם כלי שיר, השותים במזרקי יין וראשית
„שמנים ומשחו" (עמוס ו').

(די וואס שלאפן אין א בעט פון עלפענביין און ציהען זיך
אויס איבער די געלעגערס;
זיי עסען דאס בעסטע פון די שאף און קעלבער פון דער
בריי ארויס; זיי שפּילן אויף דער פלייט און מיינען אז ווי
דוד'ס איז זייער אינסטרומענט;
זיי טרינקען וויין פון גאנצע בעקענס און שמירען זיך מיט
די בעסטע בוימלען).

און אז אין אט דעם אומרוהיגען מארק־המון רייסט זיך אריין די „מחוללת" (גאסנטענצערין) — א געשטאלט, וועלכע די רעזשיסור פון דער „הבימה" האט אריינגעפירט, און אין דער טאלענטפולער אויספירונג פון אביבית, אַ יידיש קינד, דאכט זיך, אבער עפּיס איז אין איר פרעמדעס, פון ערגיץ געבראכטעס, — רייסט זיך אין דער נשמה אריין עפּיס א געפיהל פון טיעפסטער פאר־צווייפלונג און ס'ווייזט זיך אויס אונפארמיידליך די נבואה פון עמוס'ן:

„נפלה לא תוסיף קום בתולת ישראל נטשה על אדמתה
אין מקימה". (עמוס ה').

(געפאלן איז ישראל'ס טאכטער, מעהר וועט זי שוין ניט
אויפשטיין, אויסגעגליטשט זיך אויף איר אייגענער ערד,
קיינער הייבט זי ניט אויף).

די הויפּטראָלן זיינען דא פארטיילט צווישן צמח, וועלכער שפּיעלט דעם וואנדערער (אדער נביא) — אין לעצטן סעזאן האט די ראלע דובלירט ה. גורעוויטש — און ראווינא מיט אביבית, וועלכע דובלירען צווישן זיך די ראלע פון מנחם'ס מוטער. דער שווערפונקט פון די ביידע ראלען, לויט דער קאנצעפּציע

פון דער „הבימה״, ליגט אין דעם, אז ס׳זאל אבגעשוואכט ווערן דער דעקלאמאטארישער און מעלאדראמאטישער כאראקטער פון דער פיעסע און ס׳זאל אין איר בולט ווערן ווי מעגליך מעהר די דראמאטישע האנדלונג. דאס צו דערלאנגען איז נאר מעגליך געווען דורך א אינערליכער פולשטענדיגער איבערארבייטונג און א געוויסע סטיליזירונג פון אט די פיגורן.

צו געפינען די פאסענדע טעאטראלישע פאָרם צום לעזען אָט די אויפגאבע איז געווען זעהר שווער.

ה„ארח״ — דער וואנדערער — אזוי הייסט ביים מחבר די צענטראלע פיגור פונ׳ם גאנצן שטיק. אין דער דאזיגער אייגנשאפט אבער איז די פיגור היסטאָריש פאָרמלאָז, כאָטש זי פאסט זעהר צו דעם קינסטלעריש־פרעטענציעזען מעלאָדראמאטישען כאראקטער פונ׳ם אינהאלט אין דער פיעסע. די „הבימה״, אויפהייבענדיג דאס שטיק צו דער מעגליכסטער הויך פון א דראמע־טראגעדיע, האט ארייגעלעגט דעם דאזיגן וואנדערער אין הארצען א גייסט פון א פראָפעט. דער וואנדערער ווערט בא איהר א נביא. אבער ערשט דא האבן זיך אנגעהויבען ארויסווייזען די שווערקייטען פון דער סצענישער פראָבלעמע.

אויב דאס געזיכט פון א וואנדערער גיט צו דער גאנצער פיעסע דעם כאראקטער פון א ריין *אָרטיגען* עפיזאָד — פארברייטערט דער וואנדערנדער־נביא מיטאמאָל די גרעניצען פונ׳ם מחבר׳ס כוונה, מאכענדיג פון דעם, אין דער פיעסע באריירטען פראָבלעם א טיעפע וועלט־פראגע, אין וועלכער עס קלינגען מאָטיוען, ניט בלויז די וואס זיינען היסטאָריש פארבונדען מיט דער צייט פון חורבן בית שני און אונטערגאנג פון ירושלים, נאר אמת אלגעמיין־מענשליכע, און צו דער זעלבער צייט אויך היינטצייטיגע.

אבער ווער־זשע איז ער דער דאָזיגער נביא?

צו איז עס עמוס, דער זוהן פון די אונטערשטע פאָלקסמאסען, א צאָרניגער און אָהן־רחמנותדיגער, וועלכער זאגט נביאות אקעגן זיין פאָלק ישראל? דער נביא, וואס דעקט אויף די וואנט פון דעם סאָציאלן אומרעכט, פון די געוואלדטאטען, וואס ס׳באגיין די רייכע איבער די ארימע — ער זעהט מער קיין רעטונג פאר ישראל, וועלכער איז פארזונקען אין זינד און ער זאגט אים נביאות וועגען א אונפארמיידליכן אונטערגאנג.

אדער אפשר איז עס ישעיהו, — אָט דער אפשטאמער פון א פירשטליכער משפחה, וועלכער איז אויך דורכגעדרונגען מיט דעם זעלבן עדלן גייסט פון סאציאלער גערעכטיגקייט, ווי עמוס? גענוי אזוי ווי יענער רופט ער גאטס צארן אויף די זינדיגע און פארקנעכטערס. אבער אין אונטערשיעד פון עמוס׳ן באגרעניצט ער דעם „אונפארמיידליכן אונטערגאנג״ נאר אויף די זינדיגע עלעמענטען פונ׳ם פאלק, ישראל וועט אבער גערעטעט ווערן דורך זיינע „פארבליבענע״ (שארית ישראל) און עס וועט אנקומען א צייט פון פרייהייט און גלייכהייט.

אדער איז עס גאר ירמיהו — דער דאזיגער פארצאגטער ליידער פאר׳ן גורל פון זיין פאלק, וועלכער, אין אונטערשיעד פון עמוס׳ן און ישעיהו׳ן, האט, ניט קוקענדיג אויף דער פארזינדיגטקייט פונ׳ם פאלק, קיין איין מאל עס ניט פארלאזט, נאר מיט אפפערדיגער ליבע פון א געטרייען זוהן אינאיינעם מיט אים געליטן און אנשטאט כעס טריפן בא אים טרערען.

צו אפשר וואלט גאר ריכטיג געווען צו געפינען א סינטעז פון דער יידישער היסטארישער נבואה, אנפילענדיג איר גרונד־אידעע מיט מאטיוען פון אוניווערזאלן אל־מענשליכן כאראקטער, אין וועלכער, ווי א ווידערקול, זאלן אפקלינגען די טענער פון דער היינטיגער צייט?

דאס פראבלעם האט די „הבימה״, לויט מיין מיינונג, געלעזט נעהנטער צו דער לעצטער, פון מיר אנגעוויזענער צייכנונג. צמח אלס נביא *), לעבט אויף אין אונזער באוואוסטזיין — מיט דער גאנצער פלאסטיק פון זיין גוף, מיט׳ן קאָסטיום און זעלטן־אויסדריקליכן גרים, מיט׳ן ציטערן פון זיין שטים און מיט׳ן גאנצן טעמפ פונ׳ם שפיעלן — אומגעוועהנליך שארף די פארשוואונדענע געשטאלטן פון די נביאים. אזא האט אודאי געמוזט זיין דער גרעסטער פון זיי, עמוס, בשעת ער, א באשיידענער פאסטוך פון א קליין, פארווארפן שטעטיל, איז אויפגעטרעטן מיט פינקלדיגע אויגן, מיט געמאָסטענע אבער פעסטע טריט, און געצוואונגען אנשוויגן צו ווערן דאס געטומעל פון די הוליענדע און אויסהערן זיינע נביאות וועגן אומגליקליכן טאג, וואס קומט אויף׳ן פאלק.

עס פיהלט זיך אין אים די נשמה פון ירמיהו׳ס גרויסן צער פון אָט דעם אמתדיגן פאלקסליבהאבער, וועלכער ליידט פארן פאלק מיט יענער מסירת־נפש׳דיגער ליבע, צו וועלכער ס׳זיינען נאר פעהיג געצעהלטע אויסדערוועהלטע פון דעם מענשליכן געשלעכט.

ס׳איז דא אין אים עפּיס פון יחזקאל, בשעת דער אונפארמיידליכער אונטערגאנג פון דער אלטער וועלט געהט בא אים אריבער אין א פריידיגער האָפנונג אויף דעם אנטשטעהן פון א נייער, דען „אין דעם טאג ווען דאס בית המקדש איז חרוב געוואָרן, איז משיח געבוירען געוואָרן״.

ניט מער — דער פילאָזאָפישער זין פון דער דאזיגער ראָל האט אין דער אויפפאסונג פון דער „הבימה״ נאָך א פיל מעהר אלגעמיינע סינטעטישע באדייטונג. דאס אקערבוי־פאָלק, צוגעבונדען צו דער ערד ווי צום צייכען פון פריעדליכער ארבייט (תולעת דבקה באדמה) האט ניט באגריפן די באדייטונג פון דעם וויכטיגן פאקטאָר אין דער היסטאָרישער אנטוויקלונג פון די פעלקער — די מאכט.

„פון איין זייט — דערצעהלט דער נביא — האט מיך גערופן די ערד, און פון דער צווייטער זייט האט מיך גערופן מיין פאָלק איך זאָל גיין קעמפען אין זיינע רייהען — און איבערגעוואויגן האט די ערד״.

אָט די דאזיגע *נאכלעסיגקייט* בנוגע צום קאמף פאר רעכט און פרייהייט האט דערפיהרט צום אָנווערן די זעלבסטשטענדיגקייט, צום אונטערגיין פון ירושלים און חורבן בית המקדש. אויף א רגע האט זיך דורכגעריסן א שטראהל פון האָפנונג. ס׳איז געבוירען געוואָרן מנחם, דער משיח, דער רעטער פונ׳ם פאָלק, און דאס פאָלק האט אנגעהייבן אויסגלייכן זיינע „פארטרוקענטע ביינער״. אין דער געשיכטע איז אבער ניטאָ קיין נסים. די רעטונג קאן נאָר קומען דורך אנשטרענגונג פונ׳ם אייגענעם ווילן און דאס רעכט פונ׳ם

*) גורעוויטש׳ן אין דער ראָל פונ׳ם נביא האב איך ליידער ניט געזעהן. מ׳זאָגט, אז ער גיט אביסעל אַן אנדער אויסדייטונג דער דאָזיגער געשטאלט.

פאָלק קאן נאר אין זיין קאמף ערוואָרבן ווערן. נאר אויב דאס פאָלק האט פארנאכלעסיגט די מאכט אלס א פאקטאָר אין קאמף פאר זיין ג ל י ק א ו י ף ד ע ר ע ר ד, איז אים דער־פאר צוגעגרייט א „קעניגרייך ניט פון דער וועלט“.

„איצט — פארענדיגט דער נביא — איז די זאך קלאר ווי די זון. דאס איז דער עונש פון הקדוש ברוך הוא. איך האב געזינדיגט און בין ניט געגאנגן העלפן דעם פאָלק, דערפאר איז אויף מיר געקומען גאָטס שטראף. נע־ונד וועל איך זיין, די גאנצע וועלט וועל איך ארומוואנדערן, ביז איך וועל גע־פינען דעם משיח“.

אויף׳ן יידענטום ווערט ארויפגעלעגט, אויף אזא אופן, א היסטאָרישע גייסטיגע מיסיאָן — דאס אייביגע ארומזוכן נאך גאָט, נאך אמת און גערעכטיגקייט. דאס איז איינע פון די אין דער מענשליכער געשיכטע פארשפרייטע בבא־מעשות. און אויסערליך וואלט זיך געקאנט אויסווייזן, אז די „הבימה“ באקרעפטיגט דא די דאזיגע אויסגעטראכטע מעשה. אבער אין דעם טאקע באשטייט די אויפגאבע פון א גרויסן קינסטלער — ניט א נ ו ו א ר פ ן קיינעם זיין לעזונג פון פּראָבלעם.

אין דער קינסטלערישער באלייכטונג ווערט א פּראָבלעם נאר געשטעלט, און דאס עסטעטישע געפיהל פונ׳ם צוהערער באפרידיגט זיך דערמיט, וואס אט די „פארשאלטענע פראגע“ וועגן גורל פון יידישן פאלק דרינגט דורך צו זיין באוואוסט־זיין דורך א גאנצער גאממע פון געשטאלטן, פארבן און טענער פון ריינער קונסט. אין דעם באשטייט דאס אייביגע, ניט פאריבערגעהענדע פארדינסט פון דער „הבימה“. אויף א משך פון מעהר אלס אנדערהאלבן שעה פון א איינאקטיגער האנדלונג, צווינגט זי דעם הערער צו לעבן מיט עפּיס א באזונדערן באגייסטערטן לעבן, זי פאראייניגט אים מיט׳ן מקור פון דער שאפענדער מענשליכער פּערזענליכקייט, בא־אומרוהיגענדיג זיין געוויסען דורך יענע גרויסע צווייפל, וואס ווען מ׳איז זיי גובר, ווערט געבוירן דער וועג צום אמת.

א סך מיה, טאלענט און ליבשאפט האט די „הבימה“ אבגעגעבן דער דאזיגער ערשטער אויפפיהרונג אירער. ווארהאפטיג, די סצענע איז פאר זיי געווארן א הייליגער מזבח — במת קודש — וואו יעדער שוישפילער און יעדע שוישפילערין האבן אויף׳ן הייליגן פייער מקריב געווען די קרבנות פון זייערע הערצער. און ווי ניט קליין ס׳זיינען די פעהלערן פון דער אויפפירונג — ס׳זיינען לחלוטין ניט אויס־געניצט געווארן די מאטיוון פון דער יידישער דעקאראטיווער מאלעריי, די שפראך פון דער איבערזעצונג איז ניטדערלאזבאר וואכעדיג, בשעת דער ריטם פונ׳ם שפילן פארלאנגט גראד א הויכן, פאעטיש־נבואישן סטיל פון דער שפראך, און ענדליך, חסרונות, וואס ליגען אינ׳ם ליטערארישן אינהאלט פון דער פּיעסע, און וועלכע לאזן זיך ניט באזייטיגן נאך אלע אנ־שטרענגונגען און איבערמאכונגען, — איז דער „אייביגער ייד“ דאך א אמת׳ער נצחון־שטאפעל אין דער אנטוויקלונגס־געשיכטע פונ׳ם נאציאנאל־קינסטלערישן יידישן טעאטער.

דאס איז א גאנצע אנטפלעקונג אויף׳ן געביעט פון דער יידישער סצענישער קונסט. דא האט איר פאר זיך אן אקטיאר־מייסטער, ער שאפט אינגאנצן פון זיך ארויס. ער מאכט קיינעם ניט נאך, ער טראכט ניט אויס גארניט. און ווען אלע אקטי־ארען אויף דער סצענע טוען אזוי „שפּיעלען“, באקומען מיר פאַר זיך — דעם קאלעקטיווען אקטיאר־קינסטלער און א אמת׳ע סימפאניע פון טענער, פארבען און תנועות.

די שפראך פון דער „הבימה“ איז, ווי באקאנט — העברעאיש. ס׳איז גאנץ נאטירליך די פרייד פון יענע שיכטן אין יידענטום, פאר וועלכע העברעאיש איז ניט נאר א טייל פון זייער נאַציאנאל־געזעלשאפטליכער אידעאלאגיע, נאר אויך א קוואל פון טיעפסטע אינדיווידועל־עסטעטישע איבערלעבונגען.

אבער ניט זיי אליין געהערט די „הבימה“.

ס׳איז ניט אבצולייקענען דאס התלהבות, וואס ס׳רופט ארויס דאס העברעאיש אין דער „הבימה“. און ניט בלויז התלהבות אליין. העברעאיש — דאס איז דער ס ט י ל פון דער „הבימה“, דאס איז דער אויסדרוק פון איר קינסטלעריש געזיכט.

אבער פאר׳ן צוזעהער, און פאלגליך: פאר׳ן טעאטער בכלל און דעם יידישן טעאטער בפרט, זיינען דאס בלויז ערשטליכע מאָטיוון פון דער שאפונג. אין דעם באשאפונגס־פּראצעס גופא פון נייע קינסטלערישע ווערטן טרעט די שפּראך ארויס נאר ווי איינע פון יענע צופאסונגען, וועלכע העלפן דעם שוישפּיעלער אויסצופיהרן די פארגעבענע סצענישע אויפגאבע. בשעת די קערפּער־באוועגונגען פונ׳ם אקטיאר דארף צוגעבן דער געשאפענער געשטאלט א פלאסטישע פארם, פארפילט די שפּראך די דאזיגע פארם מיט א גאממע פון ר י ט מ י ש ע טענער. און דא איז וויכטיג ניט ו ו א ס מ׳ז א ג ט, נאר ו ו י א ז ו י צ ו ה א ר מ א נ י ר ן די שפּראך מיט דער געשאפענער סצענישער געשטאלט. געפינן דעם סצענישן ריטם פון דער שפּראך — הייסט אהן ווערטער פאר־שטענדליך זיין פאר׳ן צוזעהער.

אט פאר וואס די „הבימה“ איז נאהנט און פארשטענדליך דעם גאנצן צוזעהער־זאל, אט פאר וואס זי געהערט ניט בלויז דעם יידישן פאלק אליין, נאר דער גאנצער קולטור־וועלט, פאר וועלכער די קינסטלערישע ווערטן זיינען אייביגע אל־מענשליכע ווערטן.

איך האב פארלאזט מאסקווע אין מארט 1921. אין מיין אנאליז פון דער קינסטלערישער טעטיגקייט פון דער „הבימה“, האב איך דעריבער געקאנט זיך אבשטעלען נאר אויף די צוויי ערשטע אויפפיהרונגען פון דעם דאזיגן טעאטער. די אויפ־פיהרונג פון אנ־סקי׳ס „הדבוק“ (העבראישע איבערזעצונג פון ביאליק׳ן) איז פארגעקומען, נאך צוויי יאר ארבייט אויף איר צוגרייטונג, אין ווינטער סעזאן פון יאר 22 — 1921 דער דאזיגער אויפפירונג דארף געווידמעט ווערן א באזונדער באשרייבונג, און אזא וועט מסתמא די רע־דאקציע פון „מילגרוים“ געבן אין איינעם פון די קינפטיגע העפטן.

א. פאַטקין.

# דער מגן־דוד·

א סך מאל איז שוין די פראגע אויפגעווארפן געווארן: פון וואנען שטאמט דער סימבאלישער צייכן פון א זעכס־עק, וועלכן מיר רופן „מגן־דוד”. אבער אלע תשובות וואס זיינען ביז היינט אויף דער שאלה געגעבן געווארן, זיינען לויט מיין מיינונג ניט באפרידיגענד· אלטע דאקומענטן וועגן דעם איז ניטא און אין דער אלטער ליטעראטור קומט די דאזיגע צייכנונג זעהר זעלטן פאר; דאס האט געפירט צו דער החלטה, אז בכלל איז דאס זעהר א שפעטער צייכן· דאך איז פארבליבן אָן א ענטפער די פראגע: ווי אזוי זשע פארט איז מען געקומען דערצו דעם דאזיגן זעכס־עק (העקסאַגאָן) דעם נאמען מגן־דוד צו געבן? געוויס, מען האט געגלויבט אַז דוד המלך׳ס שילד האט גראד דיזע פארם געהאט·

שטעלט זיך אבער ארויס, אז דער דאזיגער צייכן געפינט זיך אויף דענקמאלן פון אַ פיל עלטערער צייט אלס ווי מ׳האט פריער ערווארט, דהיינו: אויפן אויבערשטן פריעז פון די אלטע שוהלן אין גליל, וועלכע געהערן אודאי צום צווייטן אדער דריטן יאהרהונדערט פון דער געוויינליכער צייטרעכנונג, אויף אלטע מאגישע קמיעות, וועלכע האבן זיך געפונען אין דער „גניזה” אין מצרים און וועלכע מוזן אויך שוין א היבשע עלטער באזיצן, און אויך, מערקווירדיגער ווייזע, אויף די ראנדען פון גריכישע צויבער־פאפירלאך, וואס געפינען זיך אין בריטישן מוזייאום און וואס געהערן זיכער צו דער זעלבער צייט (2־טער ביז 3־טער יארהונדערט) ווי די שוהל־באצירונגען פונ׳ם גליל· נור קמיעות און צויבער־פארמעל זיינען געוויינליך שטענדיג נור קאָפּיעס פון אזעלכע קמיעות און פארמעל פון א עלטערער צייט· מען דארף ניט פארגעסן, אז קיין זאך איז ניט אזוי קאָנסערוואטיוו ווי די מאגיע· די צויבער־פארמעל און די מיט איר פארקניפּטע סימבאלן, טארן ניט געענדערט ווערן, אויב מען וויל ניט, אז זיי זאלן פארלירן זייער מאכט; א מינדסטער שנוי, אדער עפּעס א פעלער אין דער צייכנונג, דאס ניט צונויפשליסן פון וועלכע ניט איז ליניען איינער צו דער אנדערער, זיינען שוין גורם צו צעשטערן די גאנצע קראפט פון דער קמיע· מען דארף זיך נאר דערמאנען אָן דעם פּענטאַגאָן אדער צויבערישן פינף־עק אויף דער שוועל פון פויסט׳ס צימער, וועלכעס איז ניט געווען גענוג שארף געצייכנעט און דאס האט שוין געגעבן מעפיסטאָ׳ן דעם כח ארויסצורופן דורך א השבעה די מויז, וועלכע האט צום איבריגן אפגעקראצט די ליניע און דערמיט אינגאנצן צעשטערט די קראפט פון דער סגולה· פון דעם איז צו דרינגען, אז ווען מען געפינט א זעכס־עק (העקסאגאָן) אפילו אין שפּעטער אפגעשריבענע צויבער־פארמעלן, איז עס פארט א סימן אויף א פיל עלטערע טראדיציע· סימבאלן פון דעם מין דינען אבער פאר פארשידענע צוועקן· אין דער ערשטער שורה שטייען אזעלכע געאמעטרישע פיגורן ענגסט פארבונדן מיט ווייטגעהענסטע פילאזאפישע און מעטאפיזישע ספעקולא־



א פראגמענט פון א קמיע פון 10 טן יארהונדערט, געפינען אין דער „גניזה”·

AMULET. Xth CENTURY. FROM THE GENIZAH.

ציעס און דינען פאר אלעמען צו מיסטישע ספעקולאציעס· זיי פאראייניגן אין זיך דעם סוד פון די צאלן און די מיסטיק פון די פיגורן· די דאזיגע ספעקולאציעס, וועלכע מ׳פארבינדט

מיט פיטאַגאָראס׳ס נאמען, שטאמען פון די מזרח־לענדער, פון וואנען פיטאַגאָראס אליין האט זיי געבראכט אינאיינעם מיט אנדערע פון זיינע תורות און למודים, וואס שטאמען געוויס פון דער זעלבער קוועלע. צו זיינען זיי שוין געווען אין זייער קערן אין ארץ־ישראל און אין מצרים נאך פאר פיטאַגאָראס׳ן מיט זיין שולע, איז שווער צו זאגן; מעגליך איז עס געוויס, און בפרט, אז די אנוועזענהייט פון בודדיסטישע מיסיאנערן אין די דאזיגע לענדער געפינען מיר פארצייכנט שוין פון גאר אלטע צייטן, און יענע האבן גריילֹיך געקאנט מיטברייינגען, אין איינעם מיט זייערע אנדערע למודים, אויך די דאזיגע ספעקולאציעס מיט צאלן, און באזונדערס מיט פיגורן. מ״דארף געדענקען, אז די אותיות פון דעם אלף־בית זיינען גענוצט געווארן אויך אלס צאלן און אויף אזא אופן איז אנטשטאנען א דאפעלטע מיסטיק, וועלכע ארבעט אי מיט די אותיות אי מיט די צאלן, וועלכע זיי ענטשפרעכן. ס׳איז דא ניט דער פלאץ דעם ענין ווייטער נאכצופארשן. ווי ווייט די דאזיקע ספעקולאציע האט אריינגעדרונגען אין גייסטיגן, באזונדערס אין מיסטישן לעבן, באווייזט די געוואלטיגע ספעקולאציע וואס איז אנטשטאנען ארום די ניט אויסגערעדטע אותיות פון גאָט׳ס נאמען (שם המפורש). די חכמת־הקבלה, אזוי ווייט ווי זי דרייט זיך ארום דעם שפיל מיט אותיות און צאלן, איז דער פראקטישער אויספיר פון אָט דער לערע. אין די יִדיש־סיבילינישע אָראקעלן וועלכע געהערן אויך צום צווייטן יאָרהונדערט, געפינט מען, רעגעל־רעכטע „גימטריאות״ און ווער ס׳קען די ספרים פון פילאָן ווייס ווי אפט ער באנוצט זיך מיט דער דאזיקער מיסטיק פון די צאלן. לאמיר זיך אבער אומקערן צוריק צו אונזער ענין וועגן מגן־דוד.

וואס עס איז אויסגעדרוקט געווארן אין צאלן, איז אריבערגעטראגן געווארן אויף די געאמעטרישע פיגור. וועלכע באדייטונג ס׳האט באקומען דער דריי־עק אין דער סימבאליק פון דער קירכע, דארף מען דא ניט ערשט נעמען דערציילן. די דאזיקע געאמעטרישע פיגורן האט מען צוגעשריבן די זעלבע סודות־פולע קראפט ווי די מאטעמאטישע פארמולעס, און פונקט אזוי ווי די לעצטע זיינען באנוצט געווארן צו השבעות און כישוף, אזוי האט מען דערצו גענוצט אויך די סימבאלישע צייכנס פון די פיגורן. שוין דאס אויפצייכנען זיי איז באטראכט געווארן אלס מיטל צו באשיצן דעם, וואס טראגט אויף זיך אַזאַ אויפצייכנונג, פון אלערליי מזיקים און בייזע רוחות. באזונדערס וויכטיג איז געווען דער פענטאַגאָן (פינף־עק) מיט זיינע אונצייליקע מעגליכקייטן פון מאטעמאטישע קאָמבינאציעס און אויך דערפאר וואס מ׳קען אים אויפצייכנען מיט איין ניט־איבערגעהאקטן פיר מיט דער פען. אבער די דאזיקע צייכנונגען האבן געדינט אויך אלס באצירונגען. דער צוזאמענהאנג צווישן שמוק און קמיע ווייזט זיך ארויס אלץ קלארער, וואס ווייטער ארויף מ׳פארשט נאך זייער געשיכטע. פון א קמיע ווערט מיט דער צייט א צירונג און פארקערט. דאס לעצטע קומט פאר דעמאלט ווען א סימבאל ווערט פון אנהויב אָן געברויכט אין פארבינדונג מיט איינער א פערזאן און דינט אַזוי ווי יענערס סימבאלישע פארטרעטונג. דער צייכן שטעלט מיט זיך פאר א פערזאן אדער א אידעע, אזוי ווי דאס איז אַם אפטעסטן צו זעהן אין די אזוי גערופענע הערראלדישע צייכנס. אַם בעסטן זעהט מען דאס אין די בילדער אויף די מינצן, וועלכע זיינען אין אלטע צייטן געגאסן געווארן אין פארשידענע מקומות און ביי וועלכע איין זייט שטעלט שטענדיק פאר עפעס א סימבאלישן צייכן. מען דארף אויך ניט פארגעסן, אז די אלטע געטער פון מצרים און אויך פון גריכענלאנד פלעגן אויסגעמאלט ווערן דורך באזונדערע צייכנונגען. דער קרומער צלם (קרוקס אנסאַטאַ) פון דער געטין איזיס שפילט גאר א באזונדערע ראלע; לכתחלה א בילד פון לעבן, ווערט עס מיט דער צייט דער סימבאל פון קריסטענטום. דאס ווילן אפילו אַ סך — אבער פאראינטערעסירטע — ניט צוגעבן, דאך איז עס אמת.

מיר האבן אלזא מאטעמאטיש־מיסטישע צייכנס, מיסטישע סימבאָלן און באצירונגען, וועלכע שפילן איינע אויף די אנדערע, און חאטש איין און די זעלבע פארם, דינען זיי אבער צו פארשידענע צוועקן. אויף אזא אופן לאזט זיך אויך ערקלערן אם לייכטעסטן דער מקור פון דעם מגן־דוד. ער ערשיינט נעמליך אין אָט דער דרייפאכער באדייטונג. דער העקסאגאָן שטייט אן ספק פון אנהייב אן, פונקט אזוי ווי דער פענטאגאן, אין דינסט פון מיסטיש־מאטעמאטישער ספעקולאציע. שוין דאס וואס ער באשטייט פון צוויי איבערגעפלאכטענע דרייעקן גיט א ברייטן פלאץ פאר אזעלכע ספעקולאציעס. ס׳איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס ער קומט פאר, אלס מאגישער צייכן, אין די גריכישע צויבערפאפירוסן ווי אויך אין די יודישע קמיעות. דאך איז ער דערווייל נאך ניט קיין צירונג, נור בלויז א מאגישער סימבאל. אבער שפעטער, אזוי ווי די אנדערע געאמעטרישע פיגורן הייבן אן פארווענדעט צו ווערן אלס באצירונגען אויף פארשיעדענע קונסטווערק, הייבט אן דער העקסאגאָן אויך באנוצט צו ווערן אלס באצירונג אויף די טויערן פון די שוהלן, אט אזוי ווי דער פענטאגאן און דער קרייז איינגעראַמט אין בלומען־קרענץ. אבער אפילו דא איז נאך מעגליך, אז דער העקסאגאן האט אלץ נאך עפעס א סימבאלישע באדייטונג, און דא קומען מיר צו זיין לעצטער אנווענדונג אלס דוד׳ס שילד.

די דאזיקע צייכנונג קען מען אויפפאסן אויך אלס דאס בילד פון א שטערן. בשעת די זון און די לבנה ווערן געצייכנט אלס גאנצער און האלבער קרייז, ווערט דער שטערן געוויינליך געצייכנט אין דער פארם פון זעכס שטראלן, וואס געהען ארויס פון איין פינטל. די פארבינדונג פון דעם צייכן מיטן נאמען דוד איז אלזא אן ספק איין אויספלוס פון דעם משיח געדאנק. אין געגנזאץ צו די סימבאלן פון אנדערע גלויבענס, זוכט מען דא אין א באשטימטער צייט, ווען די משיח באוועגונג און די פאלקס־אויפרעגונג האט צו דער העכסטער מדרגה דערגרייכט, נאך אזא צייכן, וואס זאל אט די פאלקסהאפנונג זינבילדליך פארשטעלן. ווי באקאנט פלעגט מען שוין אין די חשמונאים׳ס צייטן טייטשן דעם פסוק: דרך ככב מיעקב (און אַ שטערן וועט ארויפשטייגן פון יעקב. במדבר כ״ד, י״ז) אויף משיח׳ן. פון דאנען נעמט זיך אויך די לעגענדע פון דעם שטערן אינ׳ם נייעם טעסטאמענט, וועלכע שטיצט זיך געוויס אויף אָט דער אלטער מסורה. אבער נאך פיל באשטימטער טרעט ארויס אָט דער פירוש, בשעת ס׳ערשיינט דער העלד בר־כוזיבא, וועלכער לאזט זיך רופן אויפ׳ן יסוד פון דעם פירוש און מיט הסכמה פון רבי עקיבא

און זיינע באגייסטערטע תלמידים בר־כוכבא, דאס הייסט: „דער זון פון שטערן“. ס׳איז אַלזאָ געווען די נאטירליכסטע זאך צו פארבינדן דאס בילד פונ׳ם שטערן מיט דוד המלך, דעם עלטער־פאטער פון מלך המשיח. דער שטערן איז דער סימבאל פון משיח און אויף אַזאַ אופן איז ער געווארן אלס העראַלדישער צייכן און סימבאל פון מלכות בית דוד, דער שילד פון דוד׳ן. דאס הײַסט, אז דער שטערן אויפן שילד איז דער נאציאנאלער סימבאל פון די יידן אין געגנזאץ צום צלם און צו היידנישע זינבילדער, וואס אויף זייערע טעמפלען און מטבעות. מ׳האט אלזאָ געמעגט אים אויך אויף די טויערן פון די שולן אויפצייכנען, אלס א סימבאל פון דער נאציאנאלער האפנונג צו דערלעבן דעם „אויפשטייגן פון דעם שטערן“ און אים געטריי נאכצוגעהן. און אזוי האט זיך דער דאזיקער צייכן אויך דערהאלטן אינ׳ם באוואוסטזיין פון פאלק אַלס א נאציאנאלער סימבאל, דערמיט וואס ער איז געווארן „דער שילד פון דוד׳ן“, ניט באהאלטענדיק אין באוואוסטזיין דעם אורשפרינגליכן צוזאמענהאנג צווישן שטערן, סימבאל און דעם מלך דוד.

די מאגישע באדייטונג פון דעם צייכן איז דורך דעם ניט אבגעשוואכט געווארן; דארט דינט ער צו אנדערע צוועקן און דורך דעם, וואס ער איז אריינגעקומען אין די קמיעות, האט ער זיך געזיכערט זיין עקסיסטענץ ביז אויף היינטיגן טאג. איך גלייב, אז די פראגע וועגן מקור פון מגן־דוד קען איצט, לויט די דאזיקע פארגלייכענדע פארשונגען, באַטראכט ווערן אלס געלעזט.

איך דרוק דאָ א פראַגמענטארישע קמיע, וועלכע שטאמט פון דער „גניזה“ און געפינט זיך יעצט ביי מיר אין רשות. זי מוז אודאי זיין פונ׳ם צענטן יארהונדערט, אבער זי איז אן ספק א אפשריפט פון א פול יארהונדערטע עלטערן מקור, דען איר אינהאלט דעקט זיך פולשטענדיק מיט די אראמישע השבעות, וואס געפינען זיך אויף די ערדענע כלים, וואס ווערן אויסגעגראבן פונ׳ם צווייטן אדער דריטן יארהונדערט.

מ. גאַסטער.



נתן אלטמאן. 1914. פון דער סעריע: יידישע גראפיק.
פון דער רוסישער קונסטאויסשטעלונג אין בערלין.

FROM THE SERIES “JEWISH ORNAMENT”. 1914. NATHAN ALTMAN
FROM THE RUSSIAN ART EXHIBITION. BERLIN.

# הקדוש ישראל וואקסער ז״ל.

א בריף פון ח. נ. ביאליק.



י צוויי זאכן פון דעם טראגיש אומגעקומענעם יונגען שריפטשטעלער, ישראל וואַקסער ז״ל, זיינען צוגעשיקט געווארן פון ח. נ. ביאַליק׳ן צו דער רעדאקציע פון „רמון״ מיט א בריף, וועלכער אנטהאלט א שטיקל געשיכטע פונ׳ם טרויריגן לעבן און נאך טרויריגערן סוף פון א יונגער אויפשטרעבענדער קראפט, וועלכע וואלט געקאנט ווערן א צירונג אין אונזער ליטעראטור, וועלכע איז אָבער אונטערגעשניטן געווארן פאר דער צייט. וואקסער איז געפאלן א קרבן אין די אוקראינער פּאָגראמען. צווישן די טויזנטער קדושים, וואס זיינען אין יענער צייט געפאלן און צעטרעטן געווארן אונטער די פיס פון די בלוטדורשטיגע חיות רעות אין מענשליכער געשטאלט, איז אויך אומגעקומען אָט דאס יונגע, פיל־צוזאגענדיגע לעבן פון דעם אנפאנגענדען דיכטער, הקדוש ישראל וואַקסער זכרונו לברכה. און מיט א באזונדערן געפיל פון ווייטאג און צער שטעלן מיר דא דעם ערשטן ציון פאר זיין ליכטיגן אנדענקען.

מיר געבן דא אן אויסצוג פון ביאליק׳ס בריף צו דער רעדאקציע פון „רמון״, איבערזעצט פון דעם העברעאישן.

„געעהרטע רעדאקציע, איך נעם אויף מיר איצט א שליחות, אייך איבערצוגעבן פאר׳ן „רמון״ צוויי זאכן פון א אנפאנגענדן שרייבער מיטן נאמען ישראל וואקסער. דאס איז בא מיר זעהר א טייערע פארבליבענע זאך, וואס דערמאנט מיך דעם גרויסן טרויער פון די נאַר־וואס איבערגעלעבטע אומגליקליכע צייטן, און איך בעט אייך ניט אבזאגן־זיך פון אפדרוקן זיי אין אייער צייטשריפט. דער דאזיגער יונגערמאן, וואס איר האט אודאַי אפילו זיין נאמען קיינמאל ניט געהערט, איז געווען באַשטימט צו גרויסקייט. אין אלץ וואס איז ארויס פון זיין פעדער, דערקענט מען באלד די סמנים פון א אדלער. די לופט זיינע — איז די לופט פון די „עולמות עליונים״, דארט וואו די „ריינע מירמעלשטיינער״ זיינען, און דער פליה זיינער — איז מעכטיג און פריי. ווען דער דאזיגער שרייבער וואלט אונז געבליבן, — ווער ווייסט, וואָסער א גוטס ער וואלט אונז געווען געבראכט פאר אונזער ליטעראטור. צום אומגליק איז ער אונז פארכאַפּט געווארן פאר דער צייט. די געשיכטע פון דעם יונגענמאן איז קורץ און שרעקליך. ס׳איז כדאי זי דא צו פארצייכענען.

א יאר פיר צוריק (אנהויב פרילינג 1919, דאכט זיך), איך בין נאך געווען דעמאלט אין אדעס, האט מען מיר געבראכט א בחור, א לאנגן, א מאָגערן, אן „אראפּ״, מיט טיפע, ברענענדיגע אויגן — א אנפאנגענדער שרייבער. שווייגענדיג האט מיר דער בחור דערלאנגט א רעקאָמענדאציע־בריף פון אנשי שלומנו אין באקו, וואו ער האט צו יענער צייט געלעבט, און דערמיט — אויך א פעקעלע „כתבים״, וועגן א „מיינונג״. און שווייגענדיג האָט ער פארלאזט מיין צימער, צוזאגענדיג נאך אמאל אריינצוקומען, הערן מיין מיינונג. די כתבים זיינען געווען אין יידיש און האבן אנטהאלטן לעגענדעס און מעשהליך פאר גרויס און קליין. איך האב נאר אנגעהויבן לייענען — און איך בין פארגאפט געווארן: נאך קיינמאל איז מיר ניט פארגעקומען עפּיס אזוינס צו לייענען בא א אנפאנגער. א ברענענדיגע מעכטיגע פאַנטאַזיע, א פליה פון א בליץ, א זיכערע האַנט, א פרייער גייסט, א סטיל א שניידענדיגער — ממש א בריטווע א שאַרפע. און וואס ס׳האט מיך נאך מער פארוואונדערט: אָט די רייפקייט פון גייסט! ניט אנדערש ווי דער דאזיגער „אנפאנגער״ האט שוין אלע זיבן גיהנם׳ס פונ׳ם לעבן, אבער אויך אלע זיינע פונפציג טויערן פון פארשטאנד, הינטער זיך. — און איך האב מיר גלייך א טראכט געטון: אַ אָדלער!

און אז דער בחור איז אין עטליכע טעג ארום ווידער געקומען, האב איך געפּרובט אים עפנען דאס מויל — אבער אומזיסט. איינמאל פאר אלעמאל — א שווייגער. זיינע גרויסע שווארצע אויגן ברענען און ער שווייגט. צו די ווינציגע פּרטים וועגן אים, וואס איך האב שוין געוואוסט פונ׳ם רעקאָמאנדאציאנס־בריף, איז מיר גאר ניט צוגעקומען. פון יענעם בריף האב איך געוואוסט, אז דער בחור האט אין באקו זיך באשעפטיגט מיט העברעאישער לעהרעריי, אז ער האט פארעפענטליכט דארט אין א צייטווייליגער העברעאישער צייטשריפט א פאר זאכן פון זיינע ערשטע ליטעראַרישע פריוועז, אז איצט שרייבט ער אַסך אויף יידיש און מבינים זאגן אים צו א צוקונפט — מער גארניט.

דער בחור איז ווידער שווייגענדיג אוועק און מער ניט געקומען. א טייל פון די כתבים, וואס איך האב ניט באוויזן דורכצולייענען, זיינען נאך בא מיר פארבליבן, אבער דער בחור האט זיך מער ניט געוויזן. איך האב נאכגעפרעגט אויף אים, אלע באקענטע האב איך געפרעגט: האט איר ניט געזעהן, קענט איר ניט אַזאַ און אזא בחור? — קיינער ווייסט ניט. פארפאלן געווארן דער בחור. ניטאָ אים. נאך שלימער איז געווען, וואס דער אנדערער יונגערמאן, וועלכער האט אים צו מיר געבראכט — און דאס איז געווען איינער פון מיינע תלמידים אין אָדעסער לעהרערסעמינאַר — איז אויך פלוצים פארפאלן געוואָרן. ער איז, דאכט זיך, קראנק געווארן און איז ערגיץ וואוהין אוועקגעפארן.

איינמאל — אין איינעם פון יענע שרעקליכע טעג אין אדעס — קום איך אהיים פארנאכט־צו. דאס איז געווען, ווי געזאגט, אין יענע פינסטערע צייטן פון שרעק און ציטערניש. פון נאהנט און פון ווייט האבן זיך

געטראגן ידיעות וועגן מאָרד און פארניכטונג. „ווייסע" און „געלע" (אוקראאינישע) באַנדעס, רויבער און רוצחים
פון אלע מינים, האבן זיך צעלאָזט איבער אלע יידישע ישובים אין דרום פונ׳ם לאנד צו שעכטן און פאַרטיליגן. די נעכט אין
אדעס זיינען געווען פינסטער אין שטוב ווי אין דרויסן, אהן א ליכט, אהן א לאַמטערן. יעדער גאַס־ווינקעל — א טויט געפאהר,
יעדע באגעגענדיגע געשטאלט — א שרעקבילד. קומט איינער אהיים צו נאכט־צו מיט׳ן מאנטל — דארף ער גומל בענשען.
און אָט קומענדיג אהיים אין איינעם פון יענע אָוונדען — דאס איז געווען, דאכט זיך, תחלת אָסיען־צייט — מיד, צעבראכן
און דערשלאָגן, קוים די נשמה האַלט זיך אין מיר, שלאג איך מיך פלוצים אן אין פינסטערן קאָרידאָר אויף צוויי פרעמדע
שאָטענס, וועלכע שטייען פאר דער טיר פון מיין וואוינונג.

ווער איז דא?

קיין ענפער. ס׳הערט זיך נאָר א כליפען, א אונטערגעהאַקטעס, א שטילעס, א פארשטיקטעס.

איך האב אריינגעפירט די שאָטענס אין שטוב אריין. באם שוואכן שווינדעלנדן ליכט פון דעם קנייטל אין בוימעל־
קאניק, וואס כ׳האב קוים אנגעצונדן — דאס איז דעמאלט ניט קיין גרינגע מלאכה געווען — האט זיך פאר מיר באוויזן א
טויטעס סקעלעט־געזיכט פון א אויסגעדאַרטן שווינדזיכטיגן יינגל (וואו האב איך דאס געזיכט שוין געזעהן?) און א מיידל גע־
קליידעט אין שווארץ.ביידע כליפען זיי שטיל, ביידע ציטערן זיי מיט אלע איברים.

וואס האבן זיי צו טון דא אין אזא געפעהרליכער שעה? ווער זיינען זיי?

מיט האלבע פראזעס, איבערגעהאקט פון פארשטיקטן כליפען, האט מיר דער יינגלינג קוים דערקלערט, אז דאס איז ער,
דער אמאליגער הערער פון מיינע לעקציעס (אין עטליכע חדשים האט ער זיך אזוי פארענדערט, אז איך האב אים ניט דערקענט!)
און ער האט עס מיר דאן געבראכט יענעם בחור מיט די כתבים. דאס מיידל איז זיין שוועסטער, און געקומען זיינען זיי איצט
אפנעמען בא מיר די פארבליבענע כתבים פון זייער ברודער...

ער האט קוים פארענדיקט און פונ׳ם פינסטערן ווינקעל אנטקעגן האבן פלוצים ווי אויפגעבליצט פאר מיר צוויי גרויסע
ברענענדיגע אויגן און א גרויל איז מיר איבערגעגאנגן איבער׳ן גאנצן לייב.

ווי! — האב איך אויסגעשריגן — זייט איר דאס דער ברודער פון דעם בחור מיט די כתבים? פאר וואס האט איר עס
מיר ניט געזאגט? און וואו איז ער אצינד? וואו איז ער? וואו?

די דאזיגע פראגן האבן זיך מיר געריסן פונ׳ם מויל אהן חשבון, אהן באטראכטן. דאס הארץ האט מיר שוין געזאגט
וואו ער איז. אבער אָט דאס האַרץ טאקע האט מיר דיקטירט די כאפענדיגע פראגעס, כדי צו דערווייטערן דעם סוף, כדי צו
פארדעמפען זיין שלעכטע נבואה.

און דאס, וואס איז מיר כמעט קלאר געווען פון טעמפען געפיהל, איז באלד נאך קלארער געווארן פון די רייד פונ׳ם
ברודער און שוועסטער. זייער ברודער פון די כתבים איז דעמאלט צו מיר מעהר ניט געקומען מחמת שעמעוודיגקייט. ער איז
זעהר פיינפיליג געווען און זיך געהיט עמיצן צו פיל מטריח צו זיין. א שעמעוודיגער און א שווייגער איז ער געווען, כמעט א
שטומער אין פרעמדער געזעלשאפט, כאטש א גלענצענדער רעדנער אין דער עפענטליכקייט. אזוי איז ער אויך געווען שטאלץ
און זעלבסטבאוואוסט אין זיך און עניוותדיג, אונטערטעניג פון דרויסן, לייכט צו מענשען און נאכגיביג צו חברים, בכלל א
מענש פון געגנזעצליכקייטן. דער פאטער זיינער — א פרומער רב אין א קליין שטעטיל פון קיעווער גובערניע, די מוטער — א עדלע
פרוי, אביסל פריידענקעריש און געבילדעט. קינדווייז האבן אים די עלטערן געהאלטן פאר אומפעהיג און געוואלט אים אפגעבן
צו׳ן א בעל מלאכה. ער אבער האט געדורשט נאך בילדונג און ער איז אנטלאפן פון דער היים, נאך גאר א יונגינקער, זיך
געוואלגערט אין דערפער און שטעטליך און געווייקט אין ביכער. מיט זיין גרויסער התמדה האט ער זיך ערווארבן אביסל
קענטניש און באקומען א שם פון א אויסגעצייכנטן בחור. צוליב פרנסה האט ער, ווי געוועהנליך, זיך פארנומען מיט לעהרעריי.
אין דער ערשטער צייט ווען ס׳האט זיך אין אים דערוועקט דער שרייבערשער טאלענט, האט ער געשריבן העברעאיש, אבער
ס׳איז אים ניט געלונגען עפיס אפצודרוקן אין דער שפראך. דאן האט ער זיך גענומען צו יידיש — און ס׳האט אים געגליקט. ער
האט געשטרעבט צו גרויסן און געגלייבט אין זיינע כחות. די ליטעראטור איז ביי אים געווען דאס גאנצע חיות, די שאפונג —
זיין אטעם. זיין שטורמישן גייסט האט ער אויסגעגאסן ניט נאר אין ליטערארישע ארבייטן, נאר אויך אין זיינע וואונדערפולע
בריף, וואס ער האט געשריבן צו די עלטערן און צו אלע זיינע ליבע. ער האט די גאנצע צייט ניט אויפגעגעבן די האפנונג
אויסצוגיסן זיין גייסט אין דער העברעאישער שפראך; נאר מחמת זיינע גרויסע פאדערונגן צו זיך אליין, האט ער עס אלץ
אפגעלעגט פון טאג צו טאג, ביז ער וועט אויף אזוי פיל קונה־שלמות זיין אין דער שפּראך, אז זי זאל זיין בא אים אין די הענט
„כחומר ביד היוצר". צוליב דעם איז ער אוועק פון באקו, וואו ער איז אנגעקומען אלס העברעאישער לעהרער, און זיך געלאזט
קיין אדעס, די שטאט פון העברעאישע שרייבער אין יענער צייט, און דאן האט מען אים געבראכט צו מיר. נאר איידער עפיס
וואס־ווען, האבן אים דערווייל די פרנסה־פארהעלטענישן פארטראגן אין א קליין שטעטיל, קיין קריוועאזער (כערסאנער
גובערניע) אלס א לעהרער פאר העברעאיש אין דארטיגער גימנאזיע. דארט איז געווען אויך זיין שוועסטער אלס העברעאישע
„גננת" (לעהרערין אין א קינדערגארטן). און דעם 24 טן אייר 1919, ווען אויף קריוועאזער איז אנגעפאלן א באנדע קאזאקן
און געמאכט א שחיטה אויף דער יידישער באפעלקערונג, איז אויך דער שרייבער־אנפאנגער, ישראל וואקסער, א קרבן געפאלן.
א
קיינער, פארשטייט זיך, האט ניט געוואוסט וואס פאר א פארלוסט מ׳האט דא געליטן, קיינער האט אים ניט געפיהלט.
„אנפאנגער", וואס האט נאך כמעט ניט אנגעפאנגען — ווער זאל זיך עס אויף אים אומקוקן? צוליב דעם ווערט אבער דער
פארלוסט ניט קלענער. אין דער ליטערארישער ירושה פונ׳ם דערמארדעטען האב איך געפונען אסך פערל, דערצעהלונגן,
לעגענדעס, מעשהליך און משלים פאר גרויסע און פאר קינדער, אויך דראמעס, — און אויף אלעם ליגט דער שטעמפעל פונ׳ם

גרויסן, אמת׳ען, ניט געפעלשטן טאלענט. אין איינציגע שטעלן בלישטשן פונקן פון געניאליטעט. מ׳קאָן, פארשטייט זיך, געפינען אויך פעהלערן, פאַרהאַן ערטער געכובנעטע; אמאל גיט א ברי אין אויער עפּיס א פאלשע קאמבינאציע — אבער קיין איינציגער שטריך פון באנאליטעט און שאבלאן. אין זיין סטיל איז פאַרהאַנען עפּיס א נייע מזיגה, וועלכע איז מיר ניט באוואוסט אין אונזער נייער ליטעראַטור, — א שאַרפע, א מאדנע, פאַר וועלכער איך געפין ניט קיין באצייכנונג. דאס איז א וואונדערליכע קאמבינאציע פון א ווייטער, „פּרעמדער״ משונה׳דיגקייט, א פיינע און צאַרטע משונה׳דיגקייט, אראָפּגעבראַכט פון א ריינער, געלייטערטער הויך, און פון א געזונטער, שיינער פשטות, וואס איז אונז אזוי נאָהנט, די פשטות פון דער „הייב״, פון די פאלקס־אוצרות. א מין שווערמערישע קלוגשאפט און ריינע, צנועות׳דיגע אויסגעלאסענקייט איז אין אים דא, עפּיס א מין העכערער פארשטאנד, א קאלטער און פלאַמענדער אין דער זעלבער צייט. אוז פלוצים גיט א שיין אויף א זאַך, אזוי ווי א בליץ — און ער באלויכט ביז צום טיפסטן פונ׳ם אפּגרונד.

פונ׳ם גאנצן פעקעל האב איך אויסגעקליבן — מיט רשות פון די יורשים — צוויי קליינע זאכן, וועלכע איך שיק אייך דא („אין זיבן טעג אַרום״ און „די לעצטע טרער״). דאס זיינען נאך ניט די סאמע בעסטע זאכן, נאָר גראד פאַר זיי האט זיך געפינען א זעלטן געצייכענטער איבערזעצער אין העברעאיש. לאמיר האָפן, א עס וועט געלונגען די יורשים אינגיכן ארויסצוגעבן די גאנצע זאַמלונג פון וואַקסערס כתבים איןביידע שפּראכן, יידיש און העברעאיש, דעמאלט ערשט וועט אונזער עולם איינזעהן ווי גרויס ס׳איז דער פארלוסט וואס מיר האבן פארלוירן דורכן טויט פון ישראל וואַקסער, וועלכער האט קוים ערשט אנגעהויבן זיין אמת׳ן לעבן — דאס לעבן פון א שאַפענדן קינסטלער צווישן זיין פאלק.

זאל די נשמה זיינע רוהען אין אייביגן לעבן.

ח׳ נ׳ ביאַליק.

האַמבורג, ט״ו טבת, ה׳תר״פג.

# אין זיבן טעג אַרום.

א מעשה׳לע.

בּאַ אבת־מלכּה איז געווען א שיינער קנעכט׳ וואס פלעגט אַלע פרימאָרגן איר פּוצן די קליינינקע שיכעלאַך. זי האט נאָך אים געקלערט, וויסענדיג אז ער האט זי ליב. נאָר שטאָלץ איז דער קנעכט מיט זיין ליבע געווען און, ווי א טייערן אוצר, זי טיף אין דער נשמה אויסבּאַהאַלטן.

איינמאָל אין א פרילינגס־מאָרגן, ווען דער מזרח האט זיך פאַררויטעלט און אנגעהויבן פּורפּורן די אויפוואַכענדע הימלען, ווען שען איז גאָטס וועלט געווען, פריש און גרין, און די טוי־לופט, די באַזאַפטע מיט זיסע ריחות פון גאָרטן־בלומען גרינגעוועקס פון פעלד האט פאַרשכּורט דעם מֹח פון שיך־פּוצער, האט ער אין שוואַרצן שיך־גלאַנץ דערזעהן דאס אָפּבילד פון זיין געליבטער, זיין זייד־געוועבטע פאַנטאַזיע דערזעהן, און זיך אנגעהויבן חושד׳ן: ער וועט ניט אויסשטעהן דעם נסיון, ער וועט מוזן אויסגעבּן דער בת־מלכּה זיין הייליגן סוד.

אַזוי האט ער, ציטערדיג, די שיכעלאַך אויף א טייערן קאַרט, ווי א הייליגע זאַך אוועקגעשטעלט, אויפגעהויבן די הענט צו גאָט און געשוואוירן:

„וועט מיין צונג וועלן אויסגיבן דער בת־מלכּה מיינע געפילן — וועל איך זי אויסרייסן; וועלן מיינע אויגן גלוסטן איר שעהנקייט — וועל איך זיי אויסשטעכן; וועט מיין רעכטע האַנט אָנרירן די בת־מלכּה — וועל איך מיט דער לינקער זי אָפּהאַקן, און אויב די לינקע וועט זי אָנרירן — וועל איך זי אין פייער פאַרברענען!״

און ס׳ווייסט ניט דער קנעכט, אז פון יענער זייט טיר שטעהט די בת־מלכּה נאַקעט און בלאַס ווי דער מאָרגענשטערן און ציטערט אויסהערענדיג וואָרט בּאַ וואָרט זיין שבועה.

קומט דער טאָג און די בת־מלכּה וואַכט שוין. זיידענע מאָרגן־ווינטעלאַך האבּן זי היינט פריער פון שטענדיג אויפגעוועקט, אויפגעוועקט דורך זיסע־זיסע קלאַנגען, ארויסגעצויגענע פון דין־דינסטע אַרפּן־סטרונעס. זיצט זי מאָרגענדיג־גרינג און פרייליך און וואַרט אויפן קנעכט.

און ווי ער בּרענגט צו איר אַריין די אָפּגעפּוצטע שיכעלאַך, קוקט אויף אים די בת־מלכּה מיט שמייכעלדיגע אויגן, מאַכט א חֵנ׳דל, פאַרשנירט זיידענע ליפּעלאַך און זאָגט:

— ווייסט ער כאַטש, דער קנעכט, אז ער איז א שיין יינגעל . . .

דער קנעכט בּיקט זיך ביז דער ערד און ענפערט שעמעוודיג:

— איר קנעכט ווייסט: די בת־מלכּה האט אחתן אַ שיינעם.

— ווייסט ניט דער חתן ווי צו ליבן . . . קלאגט זיך די בת־מלכה אין אזא טאָן, אז סע ווערט אויף איר אַ רחמנות.

קוקט דער קנעכט רחמנות׳דיג אויף דער בת־מלכה און וואגט קיין וואָרט נישט צו זאגן.

שטעהט דער בת־מלכה נישט אָן, אז ס׳זאל א קנעכט זי מיטלײַדן, טרייבט זי אים ארויס.

קומט דער צווייטער פרימארגן און דער קנעכט ברענגט ווידער די געפּוצטע שיכעלאך.

קוקט שוין אויף אים די בת־מלכה מיט גוטע אויגעלאך און זאגט אים זיס, שטיל:

— זי ווייסט שוין דעם קנעכטס סוד: ער האט זי ליב . . .

— די ליבע, ענפערט ער אָפּ שטאלץ, האט גאט אפילו פון קיין קנעכט פאַרבאטן . . .

— עס אַרט זי נישט, זאגט די בת־מלכה, דער קנעכט זאל זי ליבן, עס שאפט איר גאר נאך פארגעניגן.

— נישט צוליב איר פארגעניגן, ענפערט שטיל דער קנעכט, ליבט ער זי.

ווערט די בת־מלכה ברוגז און פארטרייבט דעם קנעכט.

קומט דער דריטער טאג און די בת־מלכה קוקט שוין רחמנות׳דיג אויפ׳ן שיכפּוצער, פארשנירט די זיידענע ליפּעלאך און זאגט:

— זי ווייסט אפילו, דער קנעכט קושט אלע טאג אירע שיכעלאך, וויינט און איז מתפלל צו זיי.

— ער פארפלעקט זיי נישט, — פערענפערט זיך דער קנעכט.

— ער מעג זיי פארפלעקן, ערלויבט די בת־מלכה, אבי ער זאל ווייטער זיי פארהייליגן, וויינען און מתפלל זיין צו זיי.

— ער איז ניט קיין געצענדינער! — ענפערט דער קנעכט און לאזט אראפּ די אויגן.

— פארוואס זשע האט ער ביז אהער צו זיי מתפלל געווען!

— ער ווייסט נישט.

די בת־מלכה פילט זיך באליידיגט און טרייבט אים ארויס. און צום פירטן טאג קוקט שוין די בת־מלכה אויפ׳ן קנעכט מיט צוזאגענדיגע אויגן:

— זי ווייסט, זאגט זי, אז דער קנעכט וואלט אלע טאג געוואלט איר צוטראגן פרישע בלומען.

און דער קנעכט ענפערט ווײַטער שטאלץ:

— דעם ווילן האט גאט אפילו פון קיין קנעכט פארבאטן.

— עס אַרט זי נישט, זאגט די בת־מלכה, ער זאל אלע פרימארגן צוטראגן פרישע בלומען, זי וועט נאך אפילו איר חתן זיי ווײַזן און זיך בארימען מיט זיי.

— ס׳אים אלץ איינס . . . שטאמעלט דער קנעכט. פארדריסט עס דער בת־מלכה און זי טרייבט אים ארויס.

אויפ׳ן פינפטן טאג איז די בת־מלכה געווען צושרויפט און נערוועז. און ווען דער קנעכט האט איר געבראכט די שיכעלאך און נישט געבראכט קיין בלומען האט זי זיך צושריגן: ער זאל איר באלד בלומען ברײנגען!

— ער איז איר קנעכט, האט ער קניענדיג געענפערט, ערפילט ער באלד איר באפעהל . . .

— זי וועט אבער זיינע בלומען, האט די בת־מלכה גערייצט אים, ווארפן אונטער איר חתנ׳ס פיס . . .

דער קנעכט שווייגט.

— ס׳ארט אים נישט, פרעגט אים שעלמיש־כיטרע די בת־מלכה, זיינע בלומען זאלן זיך וואלגערן אונטער איר חתנ׳ס פיס?

— די בלומען וועלן דאך שוין ניט זיינע נאר אירע זיין, ענפערט שטאלץ דער קנעכט, איז אים אלץ איינס.

די בת־מלכה האט זיך געפילט שטארק באליידיגט און אים ארויסגעטריבן.

און ס׳קומט די נאכט צום זעקסטן טאג — א שווערע וואגעל, שלאפלאזע נאכט, די בת־מלכה מוטשעט זיך, נודעט און וואַרט אומגעדולדיג ביז דער קנעכט זאל אריינקומען, זי איז שטארק נערוועז און באשטימט איינמאל איבער אלע מאל ארויסציהען די פארבארגענע ליבע פונ׳ם שטאלצן קנעכטס הארץ.

די כּחות געהן איר אויס ווארטנדיג, טוט זי ווילד, נאך פארן מארגענשטערן, א קלאפּ אין גלעקעל און דער קנעכט לויפט דערשראקן אריין.

די שיכעלאך האט ער נאך ניט אפּגעפּוצט, נאר די בלומען האט ער איר שוין געבראכט.

און די בת־מלכה קוקט אויף אים מיט רייצנדע אויגן, פארשנירט זײַדענע ליפּעלאך און פרעגט:

— זיינען עס די בלומען פון זיין ליבע? . . .

— ניין! — ענפערט זיכער דער קנעכט.

— וואו זשע זיינען זיי, יענע בלומען?

אנשטאט איר צו ענפערן דארויף האט דער קנעכט פאר דער בת־מלכה אין די אויגן זיך אויסגעריסן די צונג.

דער בת־מלכה האט פארדראסן ביז טויט. דעם קנעכט האט זי פארטריבן און זיך קיין ארט ניט געפונען; געשפּרונגען אונטער זיך ווי א פארגיפטעטע, א צוביסענע און שיער פונ׳ם זינען ניט אראפּ.

דעם חתן אירן האט זי געגעבן צו וויסן, אז פון היינט אן זאל ער נישט וואַגן קומען צו איר ביז זי וועט אים נישט רופן. דערווייל פארבאָט זי אים קומען הײַנט־אוונט.

און די נאכט צום זיבעטן טאג האט זי שוין די געדאנקן ניט געהאט. אַ יַם פון תאוה האט געזאטן אין איר הארץ און דער מֹח ווי א קעסל געקאכט. די קישן האבן אונטער איר געברענט און די אויגן פייער געשפּריצט. די פויסטן האט זי ווי אייזן פארגרייפט און די ציין פארקריצט.

— זי מוז אים בייקומען, זי וועט אים בייקומען, האט זי געשריגן, און אויב נישט וועט זי זיך דאס לעבן נעמען!

און מיט א ווילד קלינגעניש האט זי ארום האלבער נאכט איבערגעשראקן דעם קנעכט און ער איז אריין צו איר אין שלאפצימער אהן די שיכלאך און אהן בלומען.

ווי א שד׳יכע איז די בת־מלכה ווילד פון בעט ארויס, אראפּגעריסן פון זיך דאס שלאף־העמד, נאקעט זיך נעבן דער הייצענדער קאמינע אוועקגעשטעלט און הפקריש אויסגעשריגן:

— קוק און גלוסט מיך!

דער קנעכט האט זיך באלד די אויגן אויסגעשטאכן. דאן האט זיך די בת־מלכה ווי א שלאנג אויפן קנעכטס גוף גערינגעלט און ווילד אויסגעשריגן:

— דריק מיך צו!

נאָר אפגעווארפן האט זיך פון איר דער קנעכט מיט זיין רעכטער האנד, וועלכע ער האט באלד מיט דער לינקער אפגעהאקט.

ווי א פארוואונדעטע ווילדע חיה איז די בת־מלכה אויפן קנעכט ארויף און אים מיט אלע כּחות צום בעט געשלעפּט.

לאנג האט דער קנעכט זיך געראנגעלט מיט דער בת־מלכה מיט דער הילף פון דער לינקער האנט, מיט וועלכער ער האט ענדליך די בת־מלכה געווארפן און אנטלאָפן פון איר.

אנטלאָפן און זיך אנגעשלאגן אין דער קאמינע, וואו ער האט די לינקע האנד פארברענט.

פון דאמאלס אן איז דער קנעכט בא דער בת־מלכה בלינד, שטום און אהן הענט. זי האט אפגעשיקט איר חתן די תּנאים און אלע פרימארגן פוצט זי דעם קנעכט די שטיוול...

ישראל וואקסער.

# די לעצטע טרער.

א מעשה.

ס׳ א מעשה פון א גליקליכן בן־מלך, וועלכער האט געליבט א שטאָלצע בת־מלכה.

— אויב דו וועסט מיך ביזן טויט ליבן, — זאגט די בת־מלכה, — בין איך גרייט דיין כלה זיין.

שווערט דער בן־מלך בא גאָט — זי צו ליבן ביזן טויט.

דאן האט די בת־מלכה געפרעגט — מיט וועלכן וועט ער איר אויסווייזן זיין ליבע.

— דו וועסט בא מיר פאָרן, — האט דער בן־מלך געזאגט און זיין געזיכט האט פון גליק אים געשטראַלט, — אין גילדענע קארעטעס, אויף גין־גאָלדענע רעדער; צו זיי וועלן ברענענדיגע פערד זיין געשפאנט, מיט דימאנטן און ברילאנטן בעהאנגען. איך וועל דיך ברייגנן אין קריסטאלענע פאלאצן מיט מירמערשטיינערנע צימערן, וועל אויף העלפאנט־שטילן באזעצן דיך, אונטער די פיס דיר פורפור־סטעזשקעס שפרייטן. אין די שאצבארסטע קרעלן און פערל דיך צירן און אין זייד און אין פלויש נאָר דיך קליידן. פון די וואונדערליכסטע פויגעל אין דער וועלט די פעדערן די שענסטע באקומען, פון זיי דיר אקרוין אויסצושפּינען מיט סאפירן און שמאראגדן באזעצט. מיט די שמעקענדסטע בוימלן וועל איך לאָזן דיין לייב שמירן. די בעסטע ווייגען וועלן זיין דיין געטראנק און אין מילך און האָניג וועסטו זיך באָדן.

— ניין, נישט דערמיט וועסטו ליבע מיר אויסווייַזן, — האט שטאָלץ געענפערט די בת־מלכה.

און אין טויזענדער גליק־פייערן האבן דעם בן־מלך׳ס אויגן צוברענט זיך און ער האט ווייטער זיין וואָרט געצויגן:

... איך וועל צו מלכים און קיסרים דיך ברייגנן, אויף באלן די גרעסטע אין צויבער און פראכט. איבער גילדענע בערג און זילבערנע טייכן וועלן, ווי אָדלער, מיר יאָרנלאנג שוועבן. אין די ווייטסטע מדינות וועלן מיר אנקומען און די פערוואָרפענסטע מדבר און ים־אינזלן אויסזוכן. איבערשרייען וועט דאס גליק דייַנס פון די ים־כוואַליעס דאס גערויש, פון די סטעפּן — דעם שטורם־ליאַרם, און נאר די סודות־פולע שטילשווייגענישן פון די רו־רוהיגע האָריזאָנטן וועסטו דיין לעבענס־סוד פארטרויען. אין די רייכסטע וועלט און נאטורווינקעלעך וועל איך ברייגנן דיך און אונטער א הימעל דעם שענסטן, פון גאָלד־זילבערנע חלומות אַן אויסגעוועבטן, וועל איך פון רויזן און בלומען א פּיראמידע דיר אויפשטעלן. דו וועסט פון הויך־הויכסטן שפּיץ, פון צווישן די וואָלקענס די לויטערסטע, ווי א געטליכער חלום ארויסשייַנען מיר, און דעם קאָפּ דיינעם קושענדיג, וועט א גאָלדענע זון מיט זילבערנע שטראַלן איבער אים זיך צושיטן.

— נישט דערמיט וועסטו ליבע אויסווייזן! — האט געזאגט די בת־מלכה.

— נו, וועל׳ך דיר די גאוניששטע זינגער און שפּילער, מיט די וועלט בארימטע טענצערינס ארויפברייגנן, דורך די צארטסטע טרעלן פון די איידעלסטע, זיסטע העלזער ארויסגעצויגענע און דין־דינסטע אַקאָרדן פון עלטסטע און נייסטע וואונדער־פידעלעך ארויסבאקומענע, וועלן פאר דיר אונשטערבליכע הימנעס ווערן געשאפן און די צויבערדיגסטע פייגעלעך וועלן דיר עדן־לעגענדן דערציילן...

— נישט דערמיט, זאגט די בת־מלכה, וועסטו מיר ליבע דערווייזן!

— וועל איך דיך שטענדיג פאַנקיוון, גלעטן, קישן־ליבן און אויפ׳ן הארצן דיך טראָגן. מיט א תּפלה אויף ריינע ליפן אינאיינעם מיט׳ן מאָרגענשטערן וועל איך צו דיינע פיס שוין קניען, מיט זיבן זילבערנע ריגעל וועל איך אָנהויב נאכט די טיר פון דיין שלאָף־צימער פארשליסן, וואַכן מיט א גאָלדענער שפּיז בא דיין בעט, היטן דיין רוה און ציילן דיין אָטעם...

— נישט דערמיט וועסטו דיין ליבע אויסווייזן! — זאגט אלץ די בת־מלכה.

...טאג ווי נאכט וועל איך פון דייַנע לויטערע אויגנאַפּעל לעבענס־זאפט זויגן, זיך פורפורן גדאנקען פון דיינע רויזן־באקן, דין אויסקריצן מיין גורל אויף דיין מארמאָרשטערן און די זויבערסטע לוסטן צווישן די ברוסט דיינע אויסגיסן...

— ניין, נישט דערמיט דערווייזטו דיין ליבע!

— ווּעסטו ווּעלן, — זאָגט דער בן־מלך, — ווּעל איך, ווי ביז איצט, לעבן גליקליך, זיך פריידן און לאַכן מיט הימעל און ערד, טאַנצן מיט בערג און טאָלן, שפּילן אין פעלדער און ווּעלדער, און זינגען דיר ליבע־לידער, ווי כרובים צו גאָט. און אויב ניט, ווּעל איך גליקליך מיין לעבן דיר שיינקן, ווּעל׳ך זיך אַפּייער־שפּיז אין האַרצן אַריינשטעקן, טויט נעבן דיינע פיס פאַלן און מיין בלוט ווּעט דיר עדות זאָגן אויף מיין ליבע!...

— ניט קיין קָרְבָּן, נאָר אַ כֹּהֵן מוז מיין אויסדערוועהלטער זיין! — האָט דרויף געענטפערט די בת־מלכּה די שטאָלצע.

— ווּעל איך, — האָט דער גליקליכער בן־מלך אויסגעשריגן, דיר ברענגען אַ בלוטיגן חלף, וואָס איז מיין ברודערס און שוועסטערס האַלז דורכגעגאַנגען, פאַר אַן עדות אויף מיין ליבע!

— עס גענוגט נאָך נישט דער קרבן, זאָלסט דורך אים מיין כהן ווערן! — ענטפערט אָפּ די בת־מלכה.

— ווּעל איך, — שרייַט ווילד אויס דער גליקליכער בן־מלך, — פאַר דיינע פיס מיין פאָטערס קאָפּ מיט דער קרוין לעגן!

— סע קאַרג! — האָט די שטאָלצע בת־מלכה געזאָגט.

— מיין מוטערס האַרץ ווּעל איך דיר אַ מַתָּנָה ברענגען! — האָט דער גליקליכער בן־מלך שוין משוגע אויסגעשריגן.

— סע קאַרג! — זאָגט די שטאָלצע בת־מלכה.

— ווּעל איך, — האָט דער גליקליכער בן־מלך אָן אַ אָטהעם אויסגערופן, מפקיר זיין מיין גרויסע מלוכה, פאַלשן אין מיין געטרייַען פאָלק און בייטן מיין הייליגן גלויבן!

— סע קאַרג!

— ווּעל איך דיך אליין טוידטן! — האָט ער טיראַניש אויסגעשריגן.

געַנוג, האָט די בת־מלכה ענדליך געענטפערט. דיך זאָלבּ איך פאַר אַ כּהן־גדול צו מיר! דורך מיין אייגענע בלוט געהייליגט דערויף. נאָר האָט זי געפרייגט, זאָג: — דו האָסט טרערן טרייַע אויף אָפּצאָלן מיין ליבע? פאַרמאָגט דיין האַרץ דעם גרויסן טרויער אויף אויסקויפן מיין טויט? דען ווּעמען איך קלויב אויס — ער זאָל דעם לִפְנַי וְלִפְנִים פון מיין טעמפּעל באַזוכן, ווּעמען איך ערלויב איינמאָל נאָר מיין קדשי־קדשים אַריבערצוטרעטן, מוז ער שוין דאָס גאַנצע לעבן מיין הייליגטום טראָגן אין זיך און מיין פייער מוז ניט אויסגעלאָשן אייביג ברענען אים אין האַרצן.

— ניין, האָט דער גליקליכער בן־מלך געענטפערט, טרערן ווייס איך ניט וואָס הייסט און טרויער ווייס איך ניט וואו איז. איך האָב קיינמאָל פון לייַדן געוואוסט און קיין טרויער נישט באַגרייַפט. קיין מאָל האָט מיין אויער קיין קרעכץ ניט פאַרנומען, קיין מאָל מיין אויג קיין טרער געזעהן. ווען אין דרויסן האָט דער ווינט געוויינט, האָט מען מיר אין מיינע צימערן פריילעכע לידער געזונגען. ווען די הימלען האָבן מיט שווארצע כמאַרעס באַדעקט זיך און די פינסטערניש געהערשט אויף דער וועלט, האָט מען פאַר מיר טיר און לאָדענס פאַרמאַכט און מיט צויבער־ליכט מיין הויז באַשייַנט. איך ווייס ניט וואו איז ער, דער טרויער?

— טרויער, — זאָגט די בת־מלכה, איז באַ ליבע, און טרייַהייַט ווערט דורך ליידן דערקענט. זיי נאָר באַטעמ׳ן דאָס לעבן. באַזיצסטו ניט קיין טרויער — ווּעסטו פון לעבן קיין טעם נישט פילן, ווייסטו ניט פון ליידן — קאָנסטו אויך מיין האַרץ ניט וויסן. ווייל נאָר טיפע ליידן געבוירן די טרערן און נאָר אַ טרייַע טרער צאָלט אָפּ די ליבע.

— און איך האָב נישט קיין טרערן! — זאָגט דער בן־מלך פאַרלוירן.

— גליקליכער בן־מלך, — זאָגט די שטאָלצע בת־מלכה, — טרערן, טרערן מוז מען האָבן!

— וואָס זשע זאָל איך טון, — פרעגט דער גליקליכער בן־מלך, אַז דו זאָלסט מיין כלה זיין?

— גיה, זוך אויס דעם קוואַל פון ליבע און שעפּ פון דאָרטן אויס, ווּעל איך דאַן דיין כלה זיין!

נעבן די גאָלדענע טויערן פון ליבע איז דער גליקליכער בן־מלך געשטאַנען, געקלאַפּט אין זיי און אַזוי געזאָגט:

— עפענט זיך אויף, איר טויערן פון ליבע, און זאָל אַריינקומען אין אייך דער גליקליכער בן־מלך! איך בין אויף דער וועלט אַ גליקליכער, ווּעלכער האָט פון אַלע תענוגים־בעכער שוין געטרונקן און איצט וויל איך נאָך פון אייערע אוצרות געניסן.

באַלד האָבן זיך צעעפנט די טויערן פון ליבע און אַ לויטערער כּרוב מיט קריסטאַל־ווייַסענקע פליגעלעך איז צו אים צוגעפלויגן און מיט אַ פריינדליכן שמייכל אויף די ליפּן געזאָגט אים:

— געבענטשט זאָלסטו זיין, וואָס ביסט צו אונז געקומען — מען וואַרט שוין דאָ אויף דיר. מיר האָבן געזעהן — דו ביסט איינער אַ גליקליכער אין לעבן. דו האָסט גבורה, הערשאַפט, שיינקייט, רייַכקייַט און כּבוד, און פון אונזערע אוצרות באַזיצסטו גאָר ניט. טאָ, קום זשע צו אונז. אונזערע טויערן זיינען אָפן פאַר גליקליכע ווי פאַר אומגליקליכע. זיי געבענטשט מיט דיין קומען צו אונז.

דורך גין־גאָלדענע, פּורפּור־שפּיגעלדיגע צימערן איז דער בן־מלך איבערגעגאַנגען, ביז ער איז אין אַ וואונדער צויבער־חדר אַריין. אין אַ חדר, וואו קיין ווענט, סטעליע און פּאָדלאָגע איז ניטאָ, נאָר לויטערע הימלען ציהען זיך פון אויבן און פון אונטן. פון אויבן שייַנען זיבן גאָלדענע זונען און פון אונטן — זיבן זילבערנע לבנות. און דער בן־מלך געהט, נישט ער געהט נאָר שוועבט צום שַׂר פון ליבע.

און דער שר פון ליבע פלאַקערט אויף אַ גליהענדער שטול און גרינגע שרפים׳לעך טאַנצן אַרום איהם. אין זיין רעכטער האַנט האַלט ער די יוגענד, אין דער לינקער אַ האַרפע, און צו זיינע פיס קניעט די עלטער און בעט אַ ביסעלע ... ליבע. אין זיינע אויגן שייַנט די אייביגקייט און אויפן שטערן רוהט דער טרויער.

— קום אהער, זאָגט דער שר פון ליבע צום גליקליכן בן־מלך, און סנאָפּעס שטראַלן זעצן צום הימעל פון זיין מויל, זאָג דיין באַגער, ווּעל איך עס דערפילן!

— איך האָב ליב, דערציילט דער גליקליכער בן־מלך, אַ שטאָלצע בת־מלכה. פאָדערט זי פון מיר טרערן און איך פאַרמאָג זיי נישט, ווייל איך בין עס איינער אַ גליקליכער, ווּעלכער באַזיצט ניט קיין טרערן.

דער שר פון ליבע האט א באפויל געגעבן — האבן זיך אויבערשטע און אונטערשטע הימלן צובליצט און א גרינג שרפיל איז אוועק און געבראכט זיבן טרייע טרערן — לויטערע, וואַרעמע, אויסגעשעפּטע פון טרויער־אוצר און זיי אין גליק־ליכן בן־מלכ׳ס הארץ אריינגעגאסן און אזוי געזאגט:

— אין דיין הארץ איז איצט דאָ זיבן טרייַע, לויטערע, וואַרעמע טרערן. דאס וועט זיין דיין פארמעג צו די זיבן ליבעס, וועלכע נעסטן אין דיין הארצן: ליבע צו ברודער און שוועסטער, פאטער און מוטער, מלוכה, פאָלק און גלויבן, און צו דיין לעצטער ליבע, די שטארקסטע פון זיי אלע, דיין ליבע צו דער בת־מלכה. יעדע ליבע באַזיצט בא דיר איר טרער און וועה, וועה וועט זיין דער ליבע, ווען וועסט אויס־גיסן איר טרער. ווי א חלום וועט זי פארשווינדן און צונישט ווערן!...

פריילין איז געקומען דער גליקליכער בן־מלך צו דער שטאָלצער בת־מלכה מיט דער בשורה, אז ער האט שוין אין הארצן זיבן הייסע, לויטערע, טרייַע טרערן. איצט איז ער שוין ווערט איר ליבע.

— יאָ, איצט וועל איך דיר שוין שענקן מיין ליבע, — ענפערט די בת־מלכה, נאר דאַן ווען וועסט דערפילן מיינע באַגערן.

—אלסדינג, — זאגט דער גליקליכער בן־מלך, וועל איך דיר טון, וואס וועסט נאָר באגערן פון מיר!

ברייננ זשע מיר אַ חלף, א פארבלוטיגטן, וועלכער איז איבערגעגאנגן דיין ברודערס און שוועסטערס האלז!

אָ, שווער איז דעם גליקליכן בן־מלך געוועןאיבערפירן דעם חלף אויפן ברודערס און שוועסטערס האַלז, נאָר די ליבע האט געוועלטיגט אויף אים און זי האט העלדיש דורכ־געפירט דעם ערשטן נסיון.

דאן האט זיך די ערשטע טרער אָפּגעריסן פונ׳ם גליק־ליכן בן־מלך׳ס האַרץ. אין דער ברוסט האט זי געברענט, אין האלז געוואָרגן און אין אויג געפייערט. ער האט געמוזט זי ארויסלאזן, ווייל גרויס און שטארק איז דער ווייטאג געוועזן. גרויס און שטארק איז דער ווייטאג געוועזן, נאר ער האט זי מיט אלע כחות געהאלטן, ווייל צו שווער איז פארגעסן די ליבע צו ברודער און שוועסטער.

— גיס אויס דיין טרער, — באפוילט די שטאָלצע בת־מלכה, און פארגעס דיין ליבע צו שוועסטער און ברודער!

ארויסגיסענדיג די טרער, האט דער גליקליכער בן־מלך צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן א קרעכץ געטון. אין איין מינוט האט א שווארצער טרויער זיין הארץ געדריקט און אין זיין בלוט האט א שפיל געטון דער סם פון לעבן.

באלד איז אבער אין הארצן גרינג געוואָרן און ווי אַ חלום האט ער פארגעסן די ליבע צו ברודער און שוועסטער, די ליבע מיט איר זיסן טרויער.

— איצט, — באפוילט די שטאָלצע בת־מלכה, — געה ברייננ און לעג פאר מיינע פיס דיין פאָטערס קאָפּ מיט דער קרוין!

ווי שווער סע ניט געווען דעם גליקליכן בן־מלך דורכ־פירן אַזאַ אַכזריות׳דיגע טהאַט, נאר דער קיסרשער קאָפּ מיט דער קרוין האט זיך פאר דער שטאָלצער בת־מלכה׳ס פיס געוואלגערט.

און די צווייטע טרער האט זיך אָפּגעריסן פון בן־מלך׳ס האַרץ.

זי האט געבויערט זיין האַרץ, געוואָרגן זיין האלז און ווי גאלד געשניטן זיין אויג. און דער בן־מלך וועלכער האט זעהר ליב געהאט זיין פאטער, האט באשטימט אָט די טרער אין קיין שום אופן ניט אויסגיסן.

נאָר די שטאָלצע בת־מלכה האט געהייסן־ און ער האט געמוזט ווי א העלד זי אויסגיסן.

— ברייננ מיר דיין מוטערס הארץ א מתנה!

אָ, דאס האט ער שוין ניט געקאָנט! זיין מוטער האט דאָך אים אזוי ליב!... נאָר די בת־מלכה האט געהאט אויף אים אזא כח, איר וואָרט האָט אויף אים אזויפיל גע־ווירקט, אז ער האט איר געבראכט אויך זיין מוטערס הארץ א מתנה.

און סע האט זיך די שענסטע טרער אפּגעריסן פון גליק־ליכן בן־מלך׳ס האַרץ. זי האט ווי א גיהנום זיין ברוסט גע־ברענט, זיין מח אויף שטיקער צוריסן, פארסם׳ט זיין בלוט און ארויס אויך נישט געקאנט, ווייל ליבע צו א מוטער איז אוממעגליך צו פארגעסן. זי נעמט מען אין קבר דאָך מיט!

נאָר די שטאָלצע בת־מלכה האט געוואָלט, ער זאָל אָט די טרער אויך ארויסלאָזן און ער האט מיט אונגעוויינליכע כחות ארויסגעלאָזט זי.

— איצט, באפוילט די שטאלצע בת־מלכה, זיי מפקיר דיין מלוכה, פאלש אין דיין פאלק און בייט דיין גלויבן.

ווער ס׳האט ברודער און שוועסטער, פאטער און מוטער גע׳הרגט האט שוין גרינג געקאָנט מַפְקִיר זיין די מלוכה, פאלשן אין פאָלק און בייטן דאס גלויבן.

און איצט, באַפוילט די שטאָלצע בת־מלכה, טויט מיך אליין!

און די טרער פון דיין לעצטער ליבע צו מיר, איז זי מוסיף, זאלסטו ניט וואַגן פאַרגיסן!

דאס איז געווען דער לעצטער נסיון.

דער גליקליכער בן־מלך האט אים מיט גרויס גבורה דורכ־געפירט. ער האט געטוידט די שטאָלצע בת־מלכה און די לעצטע טרער היט ער ביז איצט.

דער גליקליכער בן־מלך האט שוין לאנג פארגעסן זיינע שוועסטער און ברודער, זיין פאטער, זיין מוטער, מלוכה, פאלק און גלויבן, און געדיינקט זיין בת־מלכה.

די לעצטע טרער ברענט שטענדיג זיין הארץ, וואַרגט מיט פייער זיין האלז, שניידט זיין אויג, נאָר ער האלט זי איַין, ער האלט זי איַין.

און ווער סע זעהט דעם בן־מלך זאגט:

— אָט איז דער גליקליכער בן־מלך, וועלכער היט די לעצטע טרער!

שראל וואקסער.

# שפּענגלער איבער יידענטום.

א מאָדנע זאַך מיט די מאָדערנע דייטשן — זיי קאָנען זיך
בשום אופן נישט באַפרייען פון דעם געדאַנק פון דער ראַסע;
דאָס איז בײַ זיי דער אָנהייב און דער סוף פון איטליכער
קולטור־פילאָזאָפיע. מיר אַלע געדענקען דעם רעש וואָס עס
האָט אָנגעמאַכט נאָך פאַר דער מלחמה דאָס בוך פון טשעמ־
בערלען איבער די „יסודות פון דעם 19־טען יאָרהונדערט",
אין וועלכן עס ווערט אַנטוויקעלט און ווייטערגעבויט דער
אַלטער געדאַנק פון דעם פראַנצויזישן קולטורפילאָזאָף גאָבינאָ
מכח דער גרויסער ראָלע, וועלכע דער ענין פון ראַסע שפּילט
אין דער וועלטגעשיכטע. אַ קורצע צייט נאָך טשעמבערלענס
בוך איז אַרויס אַנאַנדער סענסאַציע־בוך פון דעם באַוואוסטן
נאַציאָנאַל־עקאָנאָם זאָמבאַרט אונטער דעם קעפּיל „די יידן
און דאָס ווירטשאַפטס־לעבן" און ווידער אַמאָל מכח דער
טעמע פון ראַסע. דאָסמאָל האָט זיך גערעדט מכח דער ראָלע,
וועלכע די יידן האָבן געשפּילט אין דעם עקאָנאָמישן לעבן
פון דער מערב־אייראָפּעישער וועלט, אין פלוג צוליב דעם
ראַציאָנאַליסטישן מהות פון זייער רעליגיע אָבער בעצם און
סוף כל סוף צוליב דער מאַכט פון דער ראַסען־ריינקייט,
וועלכע האָט ביז אַהער געשטעקט אין דעם יידישן פאָלק,
להפך צו דער ראַסען־צונויפמישעניש פון די אַרומיגע מערב־
אייראָפּעישע נאַציעס. און איצט נאָך דער וועלט־מלחמה
און נאָך דער רעוואָלוציע, האָבן מיר ווידער זוכה געווען צו
דערלעבן אַ שפּאָגעל־נייען סענסאַציע־בוך, אַ בוך, וואָס האָט
בײַ זיין ערשטן אַרויסגיין אין זיין ערשטן טייל זיך פאַרמאָסטן
אויף עפּעס גאָר גרויסעס און אויסטערלישעס, וואָס האָט צו־
געזאָגט צו געבן אַ דערקלערונג מכח דעם אינעווייניגסטן
באַטייט פון דער געשיכטע און פאַנאַנדערצופּלאָנטערן דעם
גאַנצן קנויל פון סתירות אין דעם פּאָליטישן און געזעל־
שאַפטליכן לעבן פון די גרויסע קולטור־פעלקער און איז סוף
כל סוף שטיין געבליבן אַלץ בײַ דעם אייגענעם געדאַנק פון
דער ראַסע. מיר מיינען דערמיט דעם בוך פון שפּענגלער'ן
„דער סוף פון די מערב־לענדער". אויב דער ערשטער טייל
פון דעם דאָזיגן בוך האָט דערוועקט אַסך האָפענונגען מכח
אַ הסברה אין דעם ענין פון דער געשיכטליכער אַנטוויקלונג,
וועט דער צווייטער טייל, וואָס איז דאָ נישט לאַנג אַרויס אין
דרוק, מוזן אָבקילן דעם ענטוזיאַזם און אָבנאַרן די אַרויס־
גערופענע האָפענונגען. דער סך־הכל פון דעם צווייטן און
לעצטן טייל איז זעהר מאָגער און דערצו לגמרי נישט ניי.
די ראַסע איז דער גרעסטער פאַקטאָר אין דער וועלטגעשיכטע
און דער קאַמף צווישן די ראַסן צוליב אַ נצחון פון איינער
איבער די אַנדערע איז דער לעצטער מיין פון דער גאַנצער
געשיכטליכער אַנטוויקלונג — סוף כל סוף אַ צונויפמישעניש
פון טשעמבערלען און דאַרווין.

אָט דאָס זיינען די מסקנות, צו וועלכע דאָס מערב־אייראָ־
פּעישע דענקען איז געקומען נאָך די נסיונות פון דער וועלט־
מלחמה. דוכט זיך, אַז דער תהו ובהו, וואָס די מלחמה האָט
געבראַכט מיט זיך אין אַלע מענשליכע פאַרהעלטענישן, דער
מוראדיגער פּלאָנטער אין אַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַ־
ציהונגען, די שרעקליכע צוריסענקייט צווישן גאַנצע פעלקער
און איינציגע יחידים, דער חורבן פון אַלע געזעלשאַפטליכע
אידעאַלן און קולטורעלע דערגרייכונגען — דוכט זיך, אַז
דאָס אַלץ האָט געדאַרפט געבן אַן אָנצוהערעניש אויף דערויף,
אַז די מענשהייט בכלל, און גאָר באַזונדער די מערב־אייראָ־
פּעישע מענשהייט, האָט ביז אַהער געמוזט לעבן אין עפּעס
אַ גרויסן טעות בנוגע דעם לעצטן ציל פון איר אַנטוויקלונג,
אַז זי האָט געמוזט גיין אין פאַלשע דרכים, אַז לכל־הפּחות
דער גאַנצער געדאַנק פון קאַמף, וועלכער האָט אָנגעהויבן
צו געוועלטיגן אין די מוחות פון דער מערב־אייראָפּעישער
וועלט זייט דער צווייטער העלפט פון דעם 19־טען יאָר־
הונדערט און האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער צעוואָקסן, איז
אַ גוואַלדאַוונער טעות אין חשבון און פירט צו די אומגליק־
ליכסטע סכסוכים און פאַרפּלאָנטערונגען. אַ קורצע צייט נאָך
דער מלחמה האָט זיך עפּעס יאָ אָנגעהויבן צו באַווייזן אַ
שינוי לטובה אין דעם דיינק־שטייגער פון דעם מערב־אייראָ־
פּעישן מענשן, באַזונדער אין די דערשלאָגענע מדינות. מען
האָט עפּעס יאָ אָנגעהויבן צו זוכן אַנדערע מיטלען פון
אַנטוויקלונג, מען האָט זיך אָנגעהויבן צו ווענדען צו די אַלטע
פעלקער פונ'ם טיפן מזרח, צו די אינדער און כינעזן, וועלכע
זיינען נאָך לעת עתה פריי געבליבן פון דער קאַמף־שכרות.
אָבער דער דאָזיגער שוואַכער פונק איז באַלד פאַרלאָשן גע־
וואָרן. די זוכענישן אין אַנדערע ריכטונגען האָבן נישט גע־
פונען דעם נויטיגן אָפּקלאַנג. ווי נאָר אָבער עס האָט זיך
געלאָזט הערן דער אַלטער פּזמון פון קאַמף, נצחון, ראַסע און
בלוט, אַזוי האָט זיך אויך געפונען דער נויטיגער אָפּקלאַנג
אין די נשמות פון דעם מערב־אייראָפּעישן עולם. משמעות
אַז די וועלט־מלחמה האָט איר אַרבעט נאָך נישט אין גאַנצן
פאַרענדיגט, און אַז די אידעע פונ'ם קאַמף האָט נאָך נישט
אַנטוויקעלט אַלע אירע פּועל־יוצא'ס.

און פונדעסטוועגן געפינען מיר אַז שפּענגלערס בוך בכלל
און דער צווייטער טייל בפרט, איז אַ וויכטיגע דערשיינונג
אין דער וויסענשאַפטליכער ליטעראַטור פון דער לעצטער
צייט — נישט צוליב זיינע אויסגעדראָשענע מסקנות פון ראַסע,
קאַמף און נצחון, וועלכע זיינען קיין אָפּגעריבענעם פּעים ניט
ווערט, און נישט צוליב די עיקר־געדאַנקען פון דעם מחבר'ס
שיטה, וועלכע זיינען ס'רוב גענומען געוואָרן פון פרעמדע
קוואַלן, נאָר צוליב די אין כמה פּרטים טיפע און ריכטיגע
באַמערקונגען און סברות, וועלכע דער מחבר וועבט אַרום
די דאָזיגע מסקנות און עיקר־געדאַנקען. אמת טאַקע, אַז דער
מחבר בויט זיין קולטור־פילאָזאָפישע שיטה ס'רוב אויף
פרעמדע רעיונות, און אַז עס איז אַ גרויסע עַוְלה פון אים
וואָס ער רופט נישט די מחברים ביים נאָמען (אַגב איז ער
אין דעם צווייטן טייל זעהר אָפּגעהיט אין דעם דאָזיגן פּרט
און רופט אָן איטליכן מחבר באַם נאָמען). עס וואָלט אָבער
געווען נישט קיין קלענערע עוולה פון אונזער צד, ווען מיר
וואָלטן צוליב דעם פאַרמאַכט די אויגן איבער די מעלות
פונ'ם בוך און ניט געוואָלט זעהן דאָס אייגענע און

אריגינעלע, וואס דער מחבר גיט אונז, און פארשוויגן די עובדה, אז דער מחבר באנוצט זיך מיט די אויספאָרשונגען פון זיינע פאָרגענגער ניט כדי צו פוצן זיך מיט פרעמדע פעדערן, נאר כדי אויפצובויען אנ׳אייגענעם קולטור־פילאָזאָפישן סיסטעם.

הגם עס ליגט ניט אין דער כּונה פון אונזער איצטיגן מאמר זיך צו פארנעמען מיט שפענגלערס קולטור־פילאזאפישער שיטה און מיר ווילן זיך נאר באגרעניצן מיט א פאר ווערטער איבער שפענגלערס געדאנקען מכח דעם יידענטום, וועלכע ווערן פון אים אנטוויקעלט אין דעם צווייטן באנד, האלטן מיר דאך פאר נויטיג איבערצוגעבן אין א פאר שטריכן, אזוי צו זאגן; בקצור נמרץ, די הויפטגעדאנקען פון אונזער מחבר׳ס קולטור־פילאזאפישן סיסטעם. דער דאזיגער סיסטעם איז זיך סומך אויף דריי יסודות: 1) יעטוועדער מענשליכער קיבוץ אנטוויקעלט זיך פונקט ווי דער ארגאניזם פון א יחיד, אדורכגייענדיג אלע מדרגות און תקופות פון אנ׳ארגאנישן וואוקס: ער לעבט איבער דעם פעריאד פון קינדהייט, יוגענט, אלטקייט און אבשטארבן. די דאזיגע אנשויאונג שטאמט אין גאנצן פון דעם איטאליענישן געלעהרטן וויקא, וועלכער האט געלעבט אינ׳ם 17 טען יארהונדערט. 2) שרייבן געשיכטע הייסט נישט פארצייכענען געטריי די פארשיידענע פאסירונגען בא די אדער יענע פעלקער, אין דער אדער יענער תקופה, און אויסטייטשן זיי לויט דער אדער יענער געשיכטס־פילאזאפישער סברה, נאר ארייננפילן זיך אין דעם גייסט פון יעטוועדער באזונדערער תקופה און מיטלעבן אויף וויפיל עס לאזט זיך איר אינעווייניגסטן לעבן. די דאזיגע אנשויאונג בנוגע צו דעם געשיכטליכן מעטאד שטאמט אין גאנצן פון א גרופע פון דייטשישע דענקער — פון ריקערט, דילטעי, ווינדעלבאנד און זימעל. 3) דער וואוקס פונ׳ם שכל און די אפשוואכונג פונ׳ם פשוטן געפיל אין וועלכן נישט איז מענשליכן קיבוץ ווערט באַלייט פון דער נטיה צו פארשפרייטן זיך כלפי חוץ, אדער ריכטיגער אויסגעדריקט; די נטיה צו פארשפרייטן זיך כלפי חוץ אין א מענשליכן קיבוץ איז פון תמיד אן א סימן פון דער פארשטארקונג פונ׳ם שכל און דער אפשוואכונג פונ׳ם פשוטן געפיל· די גרויסע קולטור־פעלקער, בא וועלכע דער שכל האט געקריגן די שליטה איבער׳ן געפיל, האבן אלעמאל ארויסגעוויזן די דאזיגע נטיה צו פארשפרייטונג. דער דאזיגער געדאנק מכח דער אינעווייניגסטער באציהונג צווישן שכל און פארשפרייטונג, שטאמט אין גאנצן פון בערגסאָנען.

אלע די דאזיגע געדאנקען באנוצט אונזער מחבר אלס בוי־שטיינער פאר דעם געביי פון זיין געשיכטס־פילאזאפישער שיטה. דער תוך פון איר איז זעהר פשוט: עס קאן קיין שום רייד נישט זיין מכח א געשיכטע פון א מענשליכער קולטור בכלל, ווייל אנ׳אלגעמיין־מענשליכע קולטור בכלל איז נישט בנמצא. עס זיינען פאראן באזונדערע טיפן פון קולטור, וועלכע זיינען פארשיידן איינער פון דעם אנדערן בעצם, און פון וועלכע יעטוועדער אנטוויקעלט זיך לויט די אינעווייניגסטע געזעצן פון זיין טבע, אדורכגייענדיג כסדר דורך די תקופות פון קינדהייט, יוגענט, אלטקייט און טויט. אזוי למשל ווייזט אונז די געשיכטע די טיפן פון גריכישער, אינדישער, כינעזישער, אראבישער און מערב־אייראפעישער קולטור. איטליכער פון די דאזיגע קולטור־טיפן איז א זאך פאר זיך, א זעלבסטשטענדיגע שאפונג מיט אירע אייגענע כאראקטעריסטישע שטריכן, אירע אייגענע געזעצן, און אירע אייגענע מעלות און חסרונות. דער מחבר אנטפלעקט אין דער געשיכטע דריי עיקרדיגע קולטור־טיפן, וועלכע ער כאראקטעריזירט דורך די דאזיגע דריי נעמען: דער פויסטישער, אפאלינישער און מאַגישער קולטורטיפּ. אונטער דעם פויסטישן קולטור־טיפּ פארשטייט דער מחבר דעם מערב־אייראפעישן. דאס איז א קולטור, אין וועלכער דער יחיד ווערט באטראכט אלס דער איינציגער שעפער פון אלע אמת׳ען אידעאלן און ווערטן, פאר וועלכע די יחידישע מענשליכע נשמה איז דער איינציגער קוואל פון אלע אידעען און געדאנקען, פון אלע אֶמת׳ן, אידעאלן און ווערטן. אונטער דעם אפאלינישן קולטור־טיפּ פארשטייט דער מחבר די אלט־גריכישע און רוימישע קולטור. אין דער דאזיגער קולטור ווערט דער מענשליכער יחיד באטראכט אלס א קערפער צוגלייך מיט אלע אנדערע קערפער פון דער אויסנווייניגסטער נאטור. פאר די דאזיגע קולטור איז דער אונטערשייד צווישן דעם מענשליכן יחיד און וועלכן נישט איז אנדערן קערפער פון דער אויסענווייניגסטער נאטור, אנ־אונטערשייד אין דער מדרגה אבער ניט אין עצם. אונטער דעם מאַגישן קולטור־טיפּ פארשטייט דער מחבר די אראבישע קולטור, וועלכע נעמט בא אים ארום אלע אזוי אנגערופענע „סעמיטישע" קולטורן און אחוץ דעם אויך די פערסישע קולטור. דאס איז א קולטור־טיפּ, אין וועלכן דער איינציגער יחיד ווערט באטראכט נאר אלס א דורכגאנגס־פונקט פאר עפּיס א העכערן אמת, וואס לאזט זיך איבער אים אראב פון ערגיץ־וואו אין דער הויך און באלעבט אִים. לויט דער אנשויאונג פון דער דאזיגער קולטור ווערט א מענשליכער קיבוץ צונויפגעהאלטן נישט דורך א בשותפותדיגע מלוכה אדער א בשותפותדיגע שפראך אַדער אויך דורך א בשותפותדיג לאנד, נאר דורך א בשותפותדיגן העכערן אמת, אין וועלכן איטליכער איינער פון דעם קיבוץ האט א גלייכן חלק.

דאס זיינען די עיקר־שטריכן פון שפענגלער׳ס געשיכטליכער קולטור־פילאזאפיע, וועלכע דער מחבר צייכענט אן אין דעם ערשטן טייל פון זיין חבור, באלייטענדיג זיי מיט א שַלַל פון געשיכטליכע פארגלייכן און גזירה־שָוות: היות ווי איטליכער פון די אויבענדערמאנטע קולטור־טיפּן גייט אדורך דורך די אייגענע תקופות פון קינדהייט, יוגענט, אלטקייט און אפשטארבן ווי דער אנדערער, ווייזן זיי אלע ארויס אין א באשטימטער געשיכטליכער רגע די אייגענע סימנים און דערשיינונגען, נישט קוקענדיג אויף דערויף וואס זיי זיינען בעיקר ובעצם פארשיידן איינער פון דעם אנדערן. אזוי למשל לעבט איבער דער פויסטישער, מערב־אייראפעישער קולטור־טיפּ אין דער היינטיגער געשיכטליכער רגע דאס אייגענע ווי דער אפאלינישער, גריכיש־רוימישער קולטור־טיפּ אין די צייטן פון די לעצטע רוימישע קיסרים — זיי ווייזןביידע ארויס דיזעלבע סימנים פון ראַציאנאַליזם, פארשפרייטונג, אלטקייט און דעגענעראציע.

מיר האבן אויבן דערמאנט, אז עס ליגט נישט אין אונזער כּונה צו געבן א קריטיק פון שפענגלער׳ס אנשויאונגען. אבער איינס וואלטן מיר דאך געוואלט באמערקן: די גאנצע אנשויאונג פון אונזער מחבר האלט זיך אויף דער סברה, אז

דער מענשליכער קיבוץ איז געגליכן צו דעם ארגאניזם פון א יחיד. פאלט די דאזיגע סברה, פאלט אויך די גאנצע טעאריע פון אונזער מחבר. און די דאזיגע סברה איז שוין פון לאנג אָן אפגעטרייסעלט געווארן פון אלע סאציאלאגן אלס א פאלשע און געצוואונגענע. לאמיר אבער איצט איבערגיין צום צווייטן טייל פונ׳ם חבור, אוואו דער מחבר רעדט ארום באריכות איטליכן קולטור־טיפּ באזונדער און שטעלט זיך אפּ אויף דעם יידענטום. די יידן, זאגט אונזער מחבר, זיינען א פאלק אהן א לאנד. אבער די יידן זיינען כלל נישט דאס איינציגע פאלק פון אַזא מין. אויף דערזעלביגער מדרגה האבן זיך געפינען אלע אזוי אנגערופענע סעמיטישע פעלקער בכלל, ווארום זיי אלע פאלן ארונטער אונטער דעם טיפּ פון דער מאַגישער קולטור. אויף דערזעלביגער מדרגה האבן זיך געפינען אויך די פּרסים. דאס זיינען אלץ אזוינע פעלקער און קיבוצים, וואס נויטיגן זיך כלל ניט אין א בשותפותדיגן לאַנד אדער א בשותפותדיגער מלוכה, ווארום איטליכער פון זיי ווערט צונויפגעהאלטן אין איינעם דורך א מין שווייגענדיגן „הֶסכֵם״, דורך א מין שווייגנדיגן „קאָנסענסוס״, ווי דער מחבר רופט עס אן. (דעם דאזיגן „קאנסענסוס״ וועלן מיר אם בעסטן איבערגעבן דורך דעם אויסדרוק „אחדות״). מיר ווייסן שוין פון פריהער פון וואנען דער דאזיגער „הסכם״ אדער די דאזיגע „אחדות״ שטאמט. זי נעמט זיך דערפון וואס — לויט דער אַנשויאונג פון דער מאגישער קולטור — שטעקט אין איטליכן איינעם פון אַ באשטימטען מענשליכן קיבוץ, א חלק פון א העכערן אמת.

אבער לאמיר בעסער לאזן ריידן דעם מחבר גופא. אט ווי אזוי ער דריקט זיך אויס מכח דעם דאזיגן ענין: „די יידן זיינען אנ׳אומה אהן א לאנד, אנ׳„אחדות״, און טאקע אין א וועלט פון לויטער אומות פון דעם אייגענעם מין. אמת, ירושלים איז א מין מעקקאַ, א הייליגער מיטעלפונקט, אבער נישט די היים און אויך נישט דער גייסטיגער מיטלפונקט פונ׳ם פאלק. און סוף כל סוף זיינען די יידן נאר אויף אזוי לאנג אנ׳אויסטערלישע דערשיינונג אין דער וועלט־געשיכטע, כל זמן מען וויל זיי לכתחילה אלס אזוינע באטראַכטן. בודאי זיינען די יידן פון נאך גלות־בבל, להפך צו דעם „פאלק ישראל״ פון פאַר גלות־בבל, אנ׳אומה פון א גאנץ נייען מין ווי הוגא ווינקלער האט עס צום ערשטן מאל באמערקט. אבער זיי זיינען דאס נישט אליין. די ארמי׳שע וועלט האט שוין דאן אנגעהויבן פאנאנדערצופאלן אין א גאנצן סכום פון אזוינע פעלקער, צווישן וועלכע עס האבן זיך געפינען פרסים און כשדים, און וועלכע האבן אלע געלעבט אין דעם אייגענעם תחום, און ניט קוקענדיג אויף דערויף אין א שאַרפער אפּגעזונדערטקייט איינער פון דעם אנדערן, און אפשר האבן זיי שוין דאן באשאפן דעם ריין אראבישן וואהן־שטייגער פונ׳ם געטא״. (ז. 247).

און אין אנ׳אנדער אָרט פונ׳ם בוך: „זייט דער צייט פונ׳ם גלות־בבל האט זיך דאס יידענטום אהן א שיעור און אהן אנ׳ערך געמערט און פארגרעסערט דורכדעם, וואס מענשן פון אנדערע פעלקער און אומות האבן זיך מגַיר געווען, איבערגייענדיג צו דער יידישער אמונה. דאס איז די איינציגע פארם, אין וועלכער א נאציע אהן א לאַנד איז מסוגל אריינצובריינגען אין איר רשות מענשן פון פרעמדע פעלקער און מדינות, און מהאי טעמא איז די דאזיגע פארם די איינציג נאטירליכע און ממילא׳דיגע פאר אלע מאגישע רעליגיעס. אין צפון־זייט האט דאס יידענטום שוין אין פריהערדיגע צייטן באוויזן זיך אדורכצושטופן ביז צו קאווקאז דורך די יידישע מדינה אדיאַבענע, און אין מערב־זייט ביז צו סאבא, ווי עס ווייזט אויס אין דער לענג פון דעם פערסישן ים־אריינגוס. אין דער ריכטונג פון מערב־זייט, אין אלעקסאנדריע, קירענע און קיפּר האט דאס יידענטום פארמאגט די גרעסטע מאכט און געהאט די גרעסטע דעה. די הנהגה פונ׳ם לאנד מצרים און די פאליטיק פון דער פּרסישער מדינה איז צום טייל געלעגן אין יידישע הענט״. (ז. 253).

און א ביסל ווייטער: „דער חורבן פון ירושלים האט געטראפן נאר זעהר א קליינעם טייל פון דער אומה, און דערצו איז דאס געווען א טייל, וועלכער האט הן אין פאליטישן, הן אין גייסטיגן פּרט געשפּילט די קליינסטע ראלע. זייט הונדערטע פון יארן האט דאס יידענטום געלעבט אין א פארם, וועלכע איז לגמרי נישט געווען צונויפגעבונדען מיט א באשטימטן לאנד, און עס איז דערמיט נישט געווען א יוצא מן הכלל. ווארום אזוי האבן געלעבט אויך די פּרסים און אנדערע אומות. מען פארשטייט זעהר פאלש דעם רושם, וואס די דאזיגע מלחמה האט געמאכט אויף דאס יידענטום, בנוגע צו וועלכן די מדינה יהודה האט זיך באצויגן ווי צו א תפל־זאך. דעם נצחון פון די עכו״ם און דעם חורבן פונ׳ם בית־המקדש האט מען געפילט ביז אין די טיפסטע טיפענישן פון דער נשמה, און מען האט זיך נוקם געווען דערפאר אין דעם הייליגן קאמף פונ׳ם יאר 115; אבער ניט צוליב דעם אידעאל פון יהודה, נאר צוליב דעם פון דער גאנצער יידישער אומה אלס אזוינער... די אידעאלע פארם פון דער נאציע איז געווען די יידישע אמונה, פארקערפּערט אין דער „שול״, אינ׳ם „בית־מדרש״, די ריינע „אחדות״, פונקט ווי די אלט־קאטאלישע רעליגיע, פארקערפּערט אינ׳ם „קלויסטער״ און פונקט ווי די מאהאמעדאנישע רעליגיע; די צעשטערונג פון יהודה און דעם משפּחה־גייסט, וועלכער האט דארט געוועלטיגט, האט ערשט גורם געווען דערצו, אז זי (די „אחדות״) זאל אין גאנצן מקוים ווערן״. (ז. 234).

און ווידער אין אנ׳אנדער ארט: „אין א יארטויזענט ארום איז באשאפן געווארן א נייע לאַגע. דורך א געשיכטליכן מקרה האט זיך געדארפט טרעפן, אז דער מערב׳דיגער טייל פון דער „אחדות״ איז אריינגעפאלן אין דעם תחום פון דער מערב־אייראָפּעישער קולטור. פונקט אזוי ווי די פרסים, די ביזאנטינער און די מאהאַמעדאנער, זיינען די יידן געווארן תושבים פון גרויסע וועלט־שטעט און מהאי טעמא אויך ציוויליזירט. די גערמאַניש־ראמאַנישע וועלט אבער האט געלעבט אין דערפער, קוים קוים וואס עס פלעגן זיך אנהויבן צו זאמלען וועלכע נישט איז ישובים ארום א מאַרק אדער א מאנאַסטיר. דער איד האט נישט געקאנט תופס זיין דעם אינעווייניגסטען לעבן פון דער קריסטליך־מיטעלאלטערליכער וועלט, ער האט נישט געקאנט פארשטיין דעם מהות פון א פּריצישן שלאס און פון א קריסטליכן קלויסטער; צוריקגערעדט האט דער קריסט נישט געקאנט תופס זיין דעם כמעט הפקרישן שכל (פונ׳ם יידן), וועלכער איז געווען תקיפער און שטארקער פאר זיינעם, און דאס „דיינקען אין געלט„, וואס האט זיך שוין גע־

האט ארויסגעארבעט באם יידן ביז צו א פארטיגער געשטאלט.
מען האט זיך פיינט געהאט און מען האט געקוקט מיט א ביטול
איינער אויף דעם אנדערן נישט דערפאר, ווייל מען האט גע־
פילט דעם אונטערשייד פון ראסע, נאר ווייל בא ביידע צדדים
האט געפעלט דער „גלייכער טראט" (דער הסכם אין די אנ־
שויאונגען). די יידישע „אחדות" האט אין די קריסטליכע
דערפער און ישובים ארייגעבויט אירע גרויס־שטעטישע —
פראלעטארישע — יידישע געסלאך (געטא'ס). די יידישע
גאס איז מיט טויזענט יאר עלטער פאר דער קריסטליך
מיטעלאלטערליכער שטאט. פונקט אזוי זיינען אין די צייטן
פון ישו הנוצרי די רוימישע שטעט געלעגן צווישן די יידישע
דערפער באם ברעג פונ'ם ים־כּנֶרת. אבער אחוץ אלדעם
זיינען דאך די דאזיגע יונגע נאציעס געווען צוגעשמידט צו
זייער ערד און פארקניפּעלט מיט דער אידעע פון זייער
אייגענער היים. די „אחדות" אבער, וועלכע האט נישט געהאט
קיין ערד אונטער זיך, און וועלכע האט צונויפגעהאלטן די
גלידער פון דער נאציע אהן קיין שום בארעכענטע כונה און
אהן קיין שום ארגאניזאציע, נאר בלויז דורך די מאכט פון
אנ'אֻומבאוואוסטזיניגן חוש, אנ'אויסדרוק פון א מאגישן וועלט־
געפיל, איז פאר די דאזיגע יונגע נאציעס געווען א זאך,
וועלכע זיי האבן בשום אופן נישט געקאנט משיג זיין, און
וועלכע האט אויף זיי אנגעווארפן א פחד. אט אין יענער
צייט איז דאס געבארן געווארן די אידעע פונ'ם „אייביגן יידן".
טאמער האט זיך פון שאָטלאנד פארבלאנדזעט אַ גלח ערגיץ אין
א מאנאסטיר פון דער לאמבארדישער מדינה, בענקענדיג דער־
ביי שטארק צוריק צו זיך א היים, איז דאס געווען א בא־
זונדערע פאסירונג. אבער אז א רב פון פאלערמא אדער פון
מאינץ, אוואו עס האט זיך אינ'ם יאר טויזענד נאך קריסטוס'ן
געפונען די גרעסטע ישיבה פון די מערב־לענדער, פלעגט
קומען קיין קאירא, באסרא אדער מערוו, איז ער אין יעט־
וועדער יידישער גאס געווען בא זיך אין דער היים. אין דעם
דאזיגן שווייגענדיגן „הסכּם" איז געלעגן די אידעע פון דער
מאגישער נאציע; דאס איז געווען אי א מלוכה, אי אנ'אמונה,
אי א פאלק פונקט אזוי ווי דאס גריכענטום, דאס פערזענ־
טום און דער איסלאם; אין מערב־אייראפּע האט מען דעמאלט
דערפון גאר נישט געוואוסט. שפּינאזע און אוריאל אקאסטא
האבן בוגד במלכות געווען, און דערפאר האט מען זיי ארויס־
געטריבן פון דער דאזיגער מלוכה, וועלכע האט פארמאגט
אירע אייגענע געזעצן און איר אייגענעם קהלשען לעבן, אראב־
קוקענדיג אויף די ארומיגע וועלט פון די שכנותדיגע פעלקער
ווי אויף אמין חוץ־לארץ. די קריסטען האבן דאס אלץ נישט
באמערקט און נישט געפילט. דער גאנצער פסק־דין בנוגע צו
שפּינאז'ען און אוריאל אקאסט'ען איז געווען א פאסירונג,
וואס די ארומיגע פעלקער זיינען נישט געווען מסוגל צו
פארשטיין דעם טיפערן מיין דערפון. און נאך אינ'ם יאר
1799 איז דער חשובסטער דיינקער פון די פויליש־רוסישע
חסידים, שניאור זלמן, איבערגעגעבן געווארן פון די מתנגדים
אין די הענט פון דער פעטערבורגער מלוכה ווי אין די פון א
ווילד־פרעמדער מדינה". „דאס יידענטום פון דעם מערב־
אייראפעישן תחום האט שוין אין גאנצן פארלארן די באציהונג
צו דער ערד, וועלכע האט נאך עקזיסטירט בא די יידן פון
דעם אראבישן שפּאניען. פויערים זיינען שוין בא זיי נישט
בנמצא. די קלענסטע יידישע גאס איז א שטיק גרויס־שטאט,
אמת א צרה'דיג שטיק גרויסשטאט, אבער פארט א גרויס־
שטאט. פונקט אזוי ווי די תושבים פון דעם פארגליווערטן
אינדיען און כינא, פאלן די תושבים פון דער יידישער גאס
פאנאנדער אין שארף פונאנאנד אבגעגרעניצטע קאסטען — פון
איין צד די רבנים, וואס דאס זיינען די בראמאנען (אינדישע
כהנים) און מאנדארינען (כינעזישע געלערנטע און באאמטע)
פון דער יידישער גאס, און פון דעם אנדערן צד די מאסע פון
קוליס (קולי א פשוטער ארבעטער אין כינא). מיט א קאלטן,
ציוויליזירטן און תַקיפ'ען שֵכל און מיט א חוש פאר משא ומתן,
וועלכער קען נישט קיין שום אפּהאלט (ז. 390—391).

און ווייטער אין אנ'אנדער ארט: „מיט דער השכלה־
באוועגונג פון דעם 18־טען יארהונדערט, דער אזוי אנ־
גערופענער תקופה פון דער אויפקלערונג, האט אויך די
מערב־אייראפעישע קולטור אנגענומען א גרויס־שטעטישן און
אינטעלעקטועלן כאראקטער; דורכדעם איז אויך די יידישע
„אחדות" פלוצים געקומען אין א בארירונג מיט דער דאזיגער
השכלה, אזוי אז זי האט פון יענער רגע אן געקאנט מיט איר
האבן א מגע ומשא. דאס ספרדישע יידענטום מיט זיינע שוין
פון לאנג אן פארטריקענטע לעבענסזאפטען האט זיך פלוצים
געפונען אין דער מיט פון א תקופה, וועלכע איז אין אמת'ען
געווען פאר אים א ווייטער עבר, אבער וועלכע האט אין אים
געמוזט דערוועקן א געפיל פון קרובהשאפט אויף אזוי פיל, אויף
ווי פיל זי איז געווען קריטיש און האט זיך צו אלץ אין דער וועלט
באצויגן בשלילה. די דאזיגע תקופה האט שטארק צוגעצויגן צו
זיך דעם גייסט פונ'ם יידענטום, איז אבער אין דער אייגענער
צייט געווען פאר אים א סכנה און א סם המות, ווארום ווערענדיג
ארייגעצויגן אין די גרויסע באוועגונג פון די ארומיגע נאציעס,
האט די יידישע „אחדות" געקראגן א מוראדיגן קלאפּ, און
היות ווי די דאזיגע „אחדות" איז געווען א פארטיגע און
פארגליווערטע און מער נישט מסוגל צו קיין שום ארגאנישער
אנטוויקלונג, איז זי פון דעם קלאפּ צוטרייסעלט געווארן ביז
צום פונאנדערפאלן. ווארום אויב די אויפקלערונג איז פאר
דעם פויסטישן גייסט געווען א טראט ווייטער, אמת א טראט
איבער חורבות, אבער פארט אויף דעם אייגענעם וועג און אין
דער ריכטונג פון אויפבויאונג, איז זי פאר דעם יידענטום
געווען מער נישט ווי א פראצעס פון צעשטערונג . . . אויב
די דאזיגע מאגישע נאציע געפינט זיך איצט אין דער סכנה
אין גאנצן בטל צו ווערן, אין איינעם מיט דער יידישער גאס
און דער רעליגיע, איז דאס נישט דערפאר, ווייל די מעטאפיזישע
יסודות פון די ביידע קולטורן זיינען נעהענטער געקומען
איינער צו דעם אנדערן — דאס איז אוממעגליך! — נאר ווייל
די דאזיגע יסודות האבן אויפגעהערט צו שפּילן א ראלע
אין דער אהן־ממשותדיגער אינטעליגענץ פון די ביידע צדדים. זי
האט פארלוירן יעטוועדע אינעווייניגסטע אחדות, און עס איז איר
איבעריג געבליבן נאר אנ'אחדות אין פּראקטישע פראגן. אבער
די גרויסע מעלה, וועלכע די דאזיגע מאגישע נאציע האט
פארמאגט כלפי די אנדערע פעלקער דורך איר סוחר'שן גייסט
ווערט וואס ווייטער אלץ שוואכער. כלפי דעם אמעריקאנער
איז זי כמעט ווי נישט בנמצא. און דערמיט ווערט בטל דער
שטארקסטער מיטעל, וועלכער האט נאך געקאנט דערהאלטן
דעם קיום פון דער „אחדות", וואס האט זיך אבגעריסן פון דער

ערד. אין דער רגע, ווען די ציוויליזירטע מעטאדע פון דער
אייראפעיש־אמעריקאנישער וועלט וועט דערגרייכן איר
פולסטע פארטיגקייט, וועט דער גורל פונים יידענטום פאר־
חתמעט זיין לכל הפחות אין דער מערב־אייראָפּעאישער
וועלט. — די רוסישע איז א פראבלעם פאר זיך" (ז. 397—399).

דעם יידישן לייענער וועט זיך דא אפשר קודם כל ווארפן
אין די אויגן די עם־הארצות פון אונזער מחבר בנוגע דעם
יידישן לעבענס־שטייגער. די יידישע רבנים זיינען די בראַ־
מאנען פון דער יידישער גאס און דער מענש פון דער יידישער
מאסע איז א קולי! ווער עס האט אפילו נור אנ׳אויבענאויפיגע
ידיעה פון דעם לעבענס־שטייגער אין אינדיען, ווייס, אז די
בראמאנען געהערן צו א הייליגער קאַסטע, וואס א מענש פון
א נידעריגער קאסטע טאר זיך צו זיי ניט צורירן, ווארום
דורך אזא מין בארירונג ווערט דער בראמאנער טמא, א פשיטא
שוין אז א מענש פון א נידעריגער קאסטע קאן קיינמאל אין
לעבן ניט ווערן קיין בראמאנער, אפילו אז ער זאל פארמאגן
די גרעסטע בקיאות אין די ענינים פון דער בראמאנישער
רעליגיע און זאל זיין דער גרעסטער גאון. און עס זיינען
פאראן אין אינדיען אזונע קאַסטן, וואס א מענש וועלכער
געהערט צו זיי, טאר זיך ניט באווייזן פאר א בראמאנער אין
די אויגן, ווארום ער איז אים מטמא מיט׳ן בלויזן קוק. בא
יידן אבער קאן איטליכער אהן קיין שום טענות און מענות
ווערן א רב, אויב ער פארמאגט נאר די נויטיגע ידיעות און
קענטענישן און באקומט סמיכה. קיין שום יחוס איז דא ניט
שייך. און ווער פון אונז ווייס ניט, אז פשוטע בעלי־בתים
פלעגן ניט זעלטן האבן מער כבוד איידער א רב, בלויז צוליב
דעם, וואס זיי האבן געקאנט מער לערנען. די דאזיגע
שטותעריי מצד דעם מחבר דארף אבער פאר אונז ניט זיין
קיין מניעה אבצושטעלן זיך אויף זיינע אנשויאונגען איבער
דעם מהות פונ׳ם יידישן פאלק. ווי אלע געשיכטס־פילאזאפישע
קאנסטרוקציעס ליידט אויך די פון אונזער מחבר פון שרעק־
ליכע גוזמאות. עס איז בודאי אנ׳אמת, אז ביז דער סאַמער
לעצטער צייט האט דאס יידענטום געלעבט אונטער דעם
צייכן פון א שווייגענדיגן „הסכם", א שווייגענדיגער „אחדות".
אבער עס איז נישט ווייניגער אנ׳אמת אז כל זמן די דאזיגע
אחדות איז געווען פעסט און איינגעפונדעוועט, איז זי אלע־
מאל געווען פארקניפּעלט מיט דעם געדאנק פון א יידיש
לאנד, און אז דער דאזיגער געדאנק האט ערשט דאן אנ־
געווארן זיין לעבענס־כח ווען די „אחדות" האט אויפגעהערט
צו האבן א קיום — בא דעם מערב־אייראפעישן יידענטום
זייט דער גרויסער פראנצויזישער עמאנציפאציע און בא א
געוויסן טייל פון דעם רוסישן יידענטום, אוואו די נאציאָנאלע
דעקאדענץ האט זיך אנגעהויבן אויסצודריקן אין דעם אזוי
אנגערופענעם „יידישיזם". ווייטער איז בודאי פאראן א רעכטע
ביסל אמת אין דעם אויסזאג פונ׳ם מחבר, אז די אידעע פון
דער יידישער „אחדות" האט באקומען א פארטיג־פארגליווערטע
פארם, וועלכע איז ניט מסוגל געווען צו אנ׳אָרגאנישער אנט־
וויקלונג, און אז מהאי טעמא איז דאס ארייננעצויגן ווערן
אין די גייסטיגע באוועגונגען פון די מערב־אייראפעישע
פעלקער געווען פאר איר איינע פון די גרעסטע סכנות (אגב
האבן מיר די אייגענע סברה שוין געהערט פון אחד־העם׳ן).
אבער פארגליווערט איז דא געווען נאר די פארם, נישט דער
תוך. דער תוך פון דער יידישער „אחדות" פארמאגט אין
זיך אלגעמיין־מענשליכע אידעען, וועלכע זיינען יא מסוגל
צו אנ׳ארגאנישער אנטוויקלונג. מען דארף אויף אזא אופן
נאר באפרייען דעם תוך פון דער פארם. בודאי וועט דערפון
ארויסקומען אנ׳אנדער מין יידענטום — ניט יענעס יידענטום,
וועלכעס מיר קענען פונ׳ם מיטעלאלטער. אבער זייט ווען
איז די קולטור פון א פאלק אדער א ראסע געבליבן תמיד
אין דערזעלביגער פארם און אויף דערזעלביגער מדרגה?
אזוינע מיני פארגליווערטע, פון ששת ימי בראשית אן פארטיג
געגעבענע קולטורן עקזיסטירן נאר אין דעם כח הדמיון פון
אונזער מחבר אבער נישט אין דער ממשותדיגער לעבענס־
פראקטיקע. געוויס — אז מיר זאלן אננעמען דעם עיקר־
געדאנק פון שפּענגלער׳ס קולטור־פילאזאפיע און האלטן
מיט אים, אז עס איז נישטא קיין אלגעמיין־מענשליכע קולטור
בכלל, נאר אז אונז זיינען געגעבן געווארן פארשיידענע
קולטור־טיפּן, וועלכע זיינען לגמרי פרעמד איינער דעם
אנדערן, נישט האבענדיג קיין שייכות איינער צום אנדערן;
מיט אנדערע ווערטער, ווען מיר זאלן האלטן מיט אונזער
מחבר, אז די פארשיידענע קולטור־טיפּן פארמאגן כלל נישט
קיין אלגעמיינעם תוך, וואס איז בשותפותדיג פאר דער גאנצער
מענשהייט, וועלן מיר, פארשטייט זיך, מוזן זאגן, אז אויך דער
קולטור־טיפּ פון דער יידישער „אחדות" פארמאגט ניט קיין
אלגעמיינעם מענשליכן תוך און מוז דערפאר בטל ווערן מיט
דער רגע, אין וועלכער עס ווערט בטל זיין פארם. אבער די
דאזיגע גאנצע סברה איז ניט מער ווי אנ׳אויסטראכטעניש,
ווי א פוסטע קאנסטרוקציע. א נישט — טאָ פון וואנען נעמט זיך
עס, וואס די געדאנקען פונ׳ם „אפאלינישן קולטור־טיפּ",
דהיינו די געדאנקען פון א דעמאקריט, א פּיטאַגאָראַס און
א פּלאַטאָן האבן געפונען אזא שטארקן און הילכיגן אפקלאנג
אין דעם דיינקען פון דעם „פויסטישן" קולטור־טיפּ און האבן
א ממשות פאר דעם דאזיגן דיינקען ביז דעם היינטיגן טאג?
פון וואנען נעמט זיך עס, וואס די געדאנקן און געפילן פון
אזא ווילדפרעמדן קולטור־טיפּ ווי דער אינדישער און כינע־
זישער, וואס די געדאנקען און געפילן פון א בודדאַ און א
לאַאָטזע זיינען פאר דעם מענשן פון דעם „פויסטישן" קולטור־
טיפּ פונקט אזוי לעבעדיג און פריש־צאַפּעלדיג ווי פאר דעם
מענשן פונ׳ם אלטען אינדיען און כינא? פון וואנען נעמט
זיך עס, וואס מענשן פונ׳ם „פויסטישן" שניט און דיינק־
שטייגער, א שאפּענהויער למשל, געפינט זיך אין א סך
נעהנטער און עיקר׳דיגער קרובהשאַפט צו א בודדא אדער
צו א קוהלת איידער צו מענשן פון זיין אייגענעם מין,
א שטייגער צו א העגעל? איז עס נישט א ווילדער חדוש?
עס איז אבער א חידוש נאר פאר א געשיכטס־פילא־
זאפישע קאנסטרוקציע, וועלכע פארצאמט זיך אליין דעם וועג
צום שכל הישר. פאר דעם שכל הישר גופא, וועלכער פאר־
בלענדט זיך נישט דורך אויסגעטראכטע טעאריעס, איז עס
גאר קיין חדוש נישט: זיינען דאך די מענשן פון די פאר־
שיידענסטע קולטור־טיפּן געשטאנען פאר דיזעלבע פראבלעמען
פון לעבן, טויט און לייד!

קעגן דעם געפינען מיר א גרויסן אמת אין דער סברה פון
אונזער מחבר מכח דער באציהונג צווישן קולטור און נאציע.
אט וואס ער זאגט דעריבער: „די גרויסע קולטורן טראגן די

וואָרצעל פון זייער קיום אין זיך אַליין; זיי שפּראָצן און וואַקסן אַרויס פון די טיפסטע טיפענישן פון דער נשמה. די פעלקער אָבער, וועלכע געפינען זיך אונטער דער שליטה פון אַ קולטור, זיינען לויט זייער אינעווייניגסטער פאָרם און לויט זייער גאַנצער טבע נישט די סיבה נאָר דער פּועל־יוצא פון דער דאָזיגער קולטור; זיי באַשאַפן נישט די קולטור, נאָר ווערן פון איר באַשאַפן. די דאָזיגע באַשאַפונגען, אין וועלכע די מענשהייט ווערט באַאַרבעט ווי אַ מאַטעריאַל, האָבן זייער אייגענעם סטיל און זייער אייגענע סטיל־געשיכטע פּונקט אַזוי ווי די פאַרשיידענע מינים פון קונסט און די פאַרשיידענע אופנים פון דיינקען. דאָס גריכישע פאָלק פון דעם אַלטען אַטען איז נישט ווייניגער אַ סימבאָל ווי די הייליגע געביידן פון דעם אַלטן גריכענלאַנד. עס זיינען פאַראַן פעלקער פון אַנ׳אַפּאָלינישן, פויסטישן און מאַגישן שטייגער. די מאַגישע קולטור, וועלכע איז געבאָרן געוואָרן אין די צייטן פון ישוע הנוצרי האָט אַרויסגעבראַכט פון זיך דאָס אַראַבישע פאָלק, וועלכעס שטעלט מיט זיך פאָר אַ רעליגיעזן קיבוץ פּונקט אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק, און די אַנדערע איסלאַמיטישע פעלקער. די וועלט־געשיכטע פון די גרויסע קולטורן און פעלקער זיינען נאָר די סימבאָלישע פאָרם, אין וועלכער דער מענש פון די דאָזיגע קולטורן דערפילט זיין גורל. אין יעט־ווערער פון די דאָזיגע קולטורן, דער מעקסיקאַנישער ווי דער כינעזישער, דער אינדישער ווי דער מצרישער — צו מיר ווייסן פון זיי צו נישט — איז פאַראַן אַ גרופּע פון גרויסע פעלקער פון דעמזעלביגן שניט, וועלכע ווערט געבאָרן אין דעם באַגינען פון אַ תקופה, וועלכע טראָגט אין זיך געשיכטע און אַרבעט אַרויס מלוכות און וועלכע פירט אָנטקעגן אַ באַ־שטימטן ציל די פאָרם, וואָס וואָרצעלט אין איר. זיי זיינען שטאַרק פאַרשיידן פונאַנאַנד. אין פלוג ווייזט אויס, אַז עס איז נישטאָ קיין גרעסערער הפך ווי דער צווישן אַטענער און שפּאַרטאַנער, דייטשן און פראַנצויזן, טסין און טסו (פאַרשיידענע כינעזישע שטאַמען)... אָבער ווי נאָר עס באַווייזט זיך אַ קולטורפרעמד פאָלק, אַזוי דערוועקט זיך אומעטום אַ מוראדיג שטאַרק געפיל פון נשמה־קרובהשאַפט״.

דער מחבר ווערט אַזוי נתפעל פון זיין אייגענער סברה, אַז ער דערקלערט זי פאַר די וויכטיגסטע אַנטפּלעקונג. צו איז די דאָזיגע אַנטפּלעקונג טאַקע אַזוי וויכטיג ווי דער מחבר מיינט, קאָנען מיר נישט זאָגן, אָבער אַ שטיק אמת איז דאָ פאַראַן לכל הדעות. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען נישט מחויב אָנצונעמען דעם אני מאמין פונ׳ם מחבר און גלויבן מיט אים דאַריין, אַז די גרויסע קולטורן פאַלן צו אונז אַראָב פאַרטיגע פון הימל און אַז מיר ווערן פון זיי געקנאָטן כחומר ביד היוצר. מיר קאָנען אָפּוואַרפן די דאָזיגע סברה פונ׳ם מחבר און אָננעמען, אַז די גרויסע קולטורן זיינען באַשאַפן געוואָרן דורך פאַרשיידענע געשיכטליכע סיבות, דורך פאַר־שיידענע געשיכטליכע איבערלעבונגען, און דערביי וועט עס בלייבן ריכטיג, אַז ערשט די קולטור מאַכט פון אַ גרופּע אַ פאָלק, אַז ערשט די קולטור קנעט אויס פון דעם טייג פון דער מענשליכער מאַסע די פאָרם פון אַ נאַציע. אָהן דער קולטור בלייבט די מענשליכע גרופּע אָהן אַ באַשטימטן פּרצוף, תמיד גרייט פונאַנדערצופאַלן און צושאָטן צו ווערן. אין דעם דאָזיגן פּרט איז עס אַנ׳אמת, אַז נישט דאָס פאָלק באַשאַפט די קולטור, נאָר אַז די קולטור באַ־שאַפט דאָס פאָלק. עס איז אַגב מהאי טעמא זעהר כאַראַקטעריסטיש, וואָס למשל דער מאַרקסיזם, וועלכער האָט בטבע פיינט און איז מבטל דעם גאַנצן ענין פון קולטור, האָט אויך פיינט און איז מבטל דעם גאַנצן ענין פון נאַציע און רעדט תמיד נאָר פון מאַסע. מהאי טעמא האַלטן זיך פעלקער מיט געזונטע חושים און אינסטינקטן מיט אַלע כחות פאַר זייער קולטור, ווייל זיי פילן, אַז מיט דער רגע, ווען עס וועט בטל ווערן זייער קולטור, שטייען זיי פאַר דער סכנה מגולגל צו ווערן אין לויזע גרופּעס אָהן אַ פעסטען צונויפהאַלט. באַזונדער זעהט מען עס באַ קלענערע פעלקער, וועלכע זיינען אַרומגערינגעלט פון גרויסע, שטאַרקע און אַלטע קולטורן. זיי זוכן זיך צו פאַרוואָרצלען וואָס טיפער אין דער געשיכטע (אַזוי פלעגן למשל די טשעכן מאַכן פאַלשע דאָקומענטן און יחוס־בריף, כדי צו דערווייזן אַז זיי קומען אַרויס פון אַנ׳אַלטן מקור); און מהאי טעמא זעהען מיר אַ סימן פון נאַציאָנאַלער, קולטורעלער און מאָראַלישער ירידה, ווען אַ פאָלק אָדער אַ געוויסער טייל פון אַ פאָלק, זאָגט זיך אָפּ פון זיין קולטורעלן עבר. דער געדאַנק וועגן דער אינעווייניגסטער באַציהונג צווישן קולטור און נאַציע געהערט צו די חשובסטע מסקנות אין דעם גאַנצן בוך פון אונזער מחבר.

ר. זעליגמאַן.

# דער סקעפּטיקער־אידעאַליסט.

צום אנדענקען פון דוד פרישמאן.

דוד פרישמאן האט זיך אויסגעצייכענט, אלס דיכטער, נאָוועליסט, קריטיקער, פעלעטאָניסט און איבערזעצער. דאס זיינען אבער נאָר אויסערליך פארשיידענע פאָרמען; אין עצם אנטפּלעקט זיך אין אלע פאָרמען אלץ דערזעלבער אייגענטימליך פרישמאנישער גייסט, מיט זיין אייגענטימליכן קוק אויף דער וועלט און אויף דעם מענשען, מיט זיין פיינגעפיהל פאר׳ן שענעם און געשמאקן, מיט זיין ווידערווילן צום העסליכן און לעכערליכן און מיט זיין בייסענדיגן שמייכעל און איראָניע איבער דעם לייכטזין פון מענשן, וואס נעמען אן יעדעס בלישטשענדיגע שערבעל פאר גין־גאָלד. און אזוי ווייט האט ער זיך צוגעוואוינט צום געדאנק, אז וואס מענשן האלטן פאר גין־גאָלד איז אין אמת׳ן בלויז א שערבעל, אז ווען מענשען האבן ווירקליך דערזעהן גאָלד, און ער אַליין האט אויך געזעהן, אז ס׳איז גאָלד, האט ער זיך אליין ניט געגלויבט און אלץ געצווייפעלט, און רק געוואויגן און געפאָרשט: טאָמער איז עס פאָרט ניט מער ווי א שערבעל? והא ראיה — מענשן האלטן עס פאר גאָלד...

אָט דער דאזיגער סקעפּטיציזם זיינער, דאס אייביגע צווייפעלדיגע שאָקלען מיט׳ן קאָפּ און ציהן מיט די אקסלען די אייביגע גרייטקייט פון זיין פארניכטענדען שמייכעל און נויגונג אלעס אויסצולאכען, — אזוי ווייט, אז שמועסענדיג מיט אים איבער עפּיס, האט איר קיינמאל זיך ניט אַנטשלאָסען דער ערשטער ארויסצוזאגן א פּאָזיטיווע מיינונג איבער עפּיס, ווייל איר זענט זיכער געווען, אז איר וועט אנטרעפן אויף אָט דעם פארניכטענדען שמייכעל פון ביטול, — אט דער סקעפּטיציזם, מיין איך, איז ניט געווען עפּיס וועזענטליכעס אין פרישמאן׳ס כאַראקטער. פארקעהרט, אין זיין כאראקטער איז געלעגן א טיעפע פּרינציפּיעלע באַיאהונג צו די ווערטן פון דער אלגעמיינער און נאציאנאלער קולטור. ער האט געדיענט דער העברעאישער קולטור ווי א פריעסטער א א י ד ע א ל י ס ט, און האט ניט ווייניג צוליב איר געליטן. אין זיין גאנצן פארקעהר מיט מענשען, מיט ליטעראטן און מיט ארויסגעבער, איז ניט געווען קיין שפּור פון יענעם גראָבן ציניזם און ריקזיכטלאָזער אייגענניציגקייט, וועלכע ווייזן זיך געוועהנליך ארויס בא מענשן, וואס קוקן אויף אלעס פון אויבן אראפּ און זיינען אויף יעדען נאר מלמד חוב און גאר ניט קיין זכות. פרישמאנ׳ן האט זיין הארץ געצויגן צום פּאָזיטיוון, צום ריינעם און שענעם, אין וועמעס עקסיסטענץ אויף דער וועלט ער האט געגלויבט באמונה שלמה. ער האט געקלעבט צו דעם, אין וועלכן ער האט געאהנט אמת׳ן טאלענט און אמת׳ע מאָראַלישע ריינקייט. צום אומגליק האט ער אבער אזוי אָפט באַגעגנט טאלענטלאָזיגקייט, צביעות און אויסגעלאסענע פאַרדאָרבענקייט, אז ער האט געמוזט אפּשפּרינגען ווי א אפּגעבריהטער און זיך פארבארגן צוריק אין זיין נאָרע.

ער איז געווען צארט פון נאטור. נאר אין דעם זומפּ פון אונזער לעבן האט ער געמוזט ארומגיין כסדר אין א לבוש פון שטעכעלקעס, ניט אזוי פיעל כדי יענעם צו שטעכן, נאר כדי זיך אליין צו פארהיטן, זיך אָפּזונדערן און צו זיך ניט צוצולאָזן. זיין אייגענע ריינקייט און ציכטיגקייט האט ער לפּחות געוואָלט באוואָרענען.

מיט טאלענטלאָזיגקייטן זיינען פול אלע ליטעראטורען. נעבען געציילטע ווינציגע, פון גאָט אויסדערוועהלטע, דרעהן זיך תמיד און אומעטום ארום גאנצע מחנות פאלשזעהער און פאלשמאָלער — „געקינסטעלטע„ אפּנארערישע, כלומרשט אויך קינסטלער אויך טאלענטן, און על־פּי־רוב פאלט אויס גראָד אין חלק פון אָט די פאלשקינסטלער די מייסטן אַפּלאָדיסמענטן מצד פונ׳ם פארפירטן און ניט־פארשטענדיגען המון. די דעמאַגאָגיע און די קליקן־ווירטשאפט הערשט אויך אין דער ליטעראטור ווי אין דער פּאָליטיק און עס שאפן זיך כנופיות, וואס האלטן א מעכטיגן שילד ארום זייערע „אייגענע מענשן״ און באזיצן בשותפות דאס גאנצע קלאַפּערגעצייג, וואס איז נייטיג, כדי דעם עולם־גולם צו פארטומלען, און אָט פּרובט נאר אָנרירן איינעם פון זיי — מ׳וועט אייך פון אלע זייטן באפאלן און מאכן פאר א גל־של־עצמות.

מיט צבועקעס און אָפּנארערס, מיט אייגענניציגע פארפירערס און שוואכקעפּיגע פארפירטע, וואס שפּרינגען קדוש נאך יעדען הייזעריגן חזן — איז פאלפילט יעדע עפענטליכע טעטיגקייט, יעדע געזעלשאפטליכע און פּאָליטישע אָרגאַניזאציע, און גראָד זיי האבן על פי רוב דעם גרעסטן פּאָליטישן און געזעלשאפטליכן ערפאָלג. זיי קריכען שנעל ארויף צו די שפּיצן פון דער געזעלשאפט, שאפן פּארטייען און גרופּירונגען, לאָזן זיך אויסקלייבן פאר פאָרזיצערס און אנפירערס און פארשאפן זיך דאס גאנצע קלאפּערגעצייג, וואס איז נייטיג דעם עולם־גולם צו פארטומלען, אים האלטן אין „שטאט״, אין הכנעה, און אים לאָזן גלויבן, אז קיין בעסערע פארזאָרגערס דארף ער גאר ניט, אז דאס זיינען זיינע אמת׳סטע פריינד, זיינע איבערגעבענסטע פּאָטערס און אפּיטרופּסים. פּרובט נאר אָט די לייט אויף די היהנער־אויגן אנצוטרעטן און אקעגן אייך וועט זיך אויפהויבן א ווילד געשריי, אז ס׳וועט די אויערן פארטויבן און מ׳וועט אייך אפּשטעמפּלען אלס קריגער, איינרייסער, כמעט־ניט פאררעטער אקעגן פאָלק און פאטערלאנד.

נאר בשעת דאס אלעס שפּילט זיך אפּ בא אנדערע אויף א זעהר ברייטן שטח, ארום א פאלקסלעבן און א ליטעראטור, וואס איז נאך אלעמען גענוג רייך און קרעפטיג, גענוג פּראָדוקטיוו און זאפטיג, אז עס קאן ווי ניט איז איבערטראגן אָט די פּאראזיטן אויף זיין לייב און פארט וואקסן און גדייהן, — קומט עס פאָר בא אונז אויף א פאלקסקערפּער, וואס איז פון דער ביטערער גלות־נויט אבגעשוואכט ביז צום לעצטן גראד,

קוים וואס ער זיפעט, אויף א שטח א באגרעניצטן ביז צום קלענסטן מאסשטאב, — א געוויטער אין א גלאז וואסער. און אויב אויך דאָ פארכאפן דעם פלאץ די טאלענטלאזיגקייטן אין דער ליטעראטור, די ענגהארציגע און שמאלקעפיגע אין געזעלשאפטליכן לעבן, און אויך זיי פארבינדן זיך אין כנופיות און יד־אחת׳ן, פארסמ׳ען זיי גאר אינגאנצן די לופט און לאָזן ניט אויפקומען קיין איינציג געזונד געוויקס, און ס׳מוז נעבען זיי אבשטארבן דער לעבעדיגער גייסט פון פאלק. און ס׳באשטייט די געפאהר, אז ניט נאר קיין נייע קולטור וועט ניט קאנען אויפבליהען, נאר אויך די אלטע וועט פארוועלקט און פארשפיגן ווערן, און א חורבן וועט ווערן פונ׳ם גאנצן פאלקס־לעבן.

אָט אקעגן דעם האט עס פרישמאן אויפגענומען א קאמף פון זיינע יינגסטע יארן ביז צו זיין לעצטן טאג, און דאס האט אים געמאכט אזוי איינזאם און פארביטערט אין לעבן. דאס איז געווען דער לייטמאָטיוו פון זיין קריטיק פון „תוהו־ובוהו״ ביז „מכתבים על דבר הספרות״, די אלטע און די נייע; דאס איז געווען דער לייטפאדים פון זיינע געדאנקען און אורטיילן אין זיינע פובליציסטישע ארטיקלן און פעלעטאָנען; דאס האט ער אויך געשטרעבט בילדליך ארויסצופיהרן אין זיינע נאָוועלען און געדיכטע; און, ענדליך, איז דאס געווען זיין ציעל בשעת ער האט געשטרעבט דורך איבערזעצונגען פון פרעמדע ליטעראטורן אריינפירן דעם יידישן לעזער אין א קרייז פון אנדערע מחשבות, אים צוגעוואוינען צו׳ן אנדער ארט פון זעהן און פארשטיין די וועלט, און אים בחוש באווייזן ווי עס זעהט אויס די שאפונג פון אמת׳ן טאלענט און העכער־שטייגענדען מענשליכן געדאנק.

א רייה בענדער — א ביבליאָטעק א גאנצע — זאגן עדות אויף די באמיהונגען פונ׳ם שריפטשטעלער אין דער דאזיגער ריכטונג. דאס איז א העריך דענקמאל פאר די 40־יעריגע ארבייט פון א מענשן און דער שענסטער באוויז פאר זיין עדלען אידעאליזם.

צו האט ער דערלאנגט אין זיין ארבייט צום ציעל פון זיינע שטרעבונגען? צו האט ער געהאט די באפרידיגונג פון ערפאָלג און נצחון אין זיין קאמף? — פארשיעדענעס איז אויף אים אריבערגעגאנגען אין לעבן. אין אנהויב האבן די כנופיות אים פארשריגן און אנגעווארפן א אימה ארום אים. ער האט אבער מוטיג געקעמפפט און ניט איין אבגאָט פון דעם אונוויסענדען המון האט ער אראבגעריסן פונ׳ם פיעדעסטאל און אים געמאכט צו שפאָט אין די אויגן פון אָט דעם זעלבן המון, וואס אָט נאר וואס האט ער פאר אים געקניעט. ניט פון איין טאלענטלאָזיגקייט האט ער אראבגעריסן דעם פאלשן פורפורמאנטל און אים אוועקגעשטעלט נאקעט און הויל אין זיין גאנצער גייסטיגער נישטיגקייט. א שטיקעל צייט האט זיך געדאכט, אז דער נצחון איז שוין אינגאנצן אויף זיין זייט און דער לייכטזיניגער המון, וואס קאן ניט אנדערש ווי שטיין פאר עמיצן אויף די קניעס, האט שוין אנגעהויבן פארגעטערן אָט דעם „געטער־ברעכער„ און גענומען זיך אים זינגען זיינע איינגעחזרטע לויבגעזאנגען. דאס איז דעם פיינשמעקערישן פרישמאן פונקט אזוי איבעל געווען און פונקט אזוי אויפגערעגט איז ער דעריבער געווען, ווי איבער דעם פריערן בוקען־זיך און קניען פאר די טאלענטלאזיגקייטן, וואס מ׳האט פאר אבגעטער געמאכט. אהן א שיעור בייסענדיגע וויצן און פארניכטענדע איראָניען האט מען פון פרישמאנען געקאָנט הערן איבער די יובילעאומ׳ס און פייערונגען, וואס מ׳האט פאר אים אליין אנגעהויבן צו מאכן. ער האט קלאר געזעהן די אונוויסענדיגקייט פונ׳ם „המון״ און די פוסטקייט אין הארצן פון די כלומרשטע „פארעהרערס״ זיינע. ער האט דערשפירט די מינדסטע פאלשקייט אינ׳ם טאָן, די קלענסטע באוועגונג פון דער פארבאָרגענער פניה און האט זיך ניט געשייט דאס אנצומערקן, אבצושטעמפלען. מאנכער האט זיך דערפאר געפיהלט אונהיימליך מיט אים, מ׳האט פאר אים מורא געהאט. די יינגערע, פרישערע און עהרליכערע, האבן אבער דערפאר אים געאכטעט און אויפריכטיג געליעבט.

מיט פרישמאן איז אריינגעקומען א נייער שטראָם אין אונזער ליטעראטור. פיעלעס האט ער אנגערעגט אנדערע צו שאפן — אלס רעדאקטאָר, אלס פריינד, אלס קריטיקער. א שטיק צייט האט זיך געדאכט, אז ס׳זיינען פארטריבן געווארן יענע מיאַזמען פון אונזער וועלטל, אקעגן וועלכע פרישמאן האט אזוי הארטנעקיג געקעמפפט אלע זיינע יארן. צום אומגליק האט זיך באלד ארויסגעשטעלט, אז ס׳איז ניט אזוי. נאר א פערזאָנען־וועקסל איז פארגעקומען, איין טאלענטלאזיגקייט אראָפ — די אנדערע ארויף, איין כנופיה באזייטיגט — אַן אנדערע האט פארנומען איר פלאץ, איין צבועק און מחוצף־פנים ארויסגעשטופט מיט חרפה — אַן אנדערער שטייט שוין און מאכט פאר זיך א ווארע מיט די עלענבויגענס... דער גרונדטאָן איז פארבליבן כמעט דער זעלבער. ווידער די פוסטקייט וואס קליגט זיך און פאָזירט גלייך ווי זי וואלט וועלטן אומאָרימט; ווידער די טאלענטלאָזיגקייט און אונבאהאָלפענקייט, וואס פארדעקט איר גייסטיגע ארימקייט מיט מליצה־וואָלקענס — אמת, מאָדערנע, ניי־מאָדישע מליצות; ווידער פאלשקייט און צביעות, חוצפא און עזות פנים, קליינע מענשעליך וואס רוקען זיך אויבן־אָן, „מעצענאטן״ און גבירים, וואס קלעפן צום תלמיד־חכם, כדי אויף זיינע אקסלן זיך צו דערהויבן און אנגעזעהן צו ווערן, ווידער ״פיהרער׳ס און „לידערס״, וואס פארמאָגן פאר א גראָשן שכל, נאך וועניגער עהרליכקייט און דערפאר אבער א גאנצע מענגע עזות און דעמאַגאָגיע, מיט וועלכע ס׳געלינגט צו פארפירען דעם עולם־גולם און אים צו באוועגן, ער זאָל שפרינגן קדוש און שרייען „הידד!״ אדער „הוראַ!״ ביז צום הייזעריג ווערן...

דערפאר איז פרישמאנען אין די לעצטע יארן פון זיין לעבן געווען אזוי אומעטיג, אזוי מרה־שחורה׳דיג אויף׳ן הארצן. ער האט זיך נאָך מער צוריקגעצויגן אין זיין הויט און אזוי ווי מורא געהאט זיך אין דער ארומיגער סביבה אנצורירען. ווען מיר וואָלטן א פרעסע געהאט, וואָלט ער אונז אפשר אין פעליעטאָנען עפיס געווען דערציילט פון דעם וואַס ער פיהלט און וואס אים דריקט. די העברעאישע וועלט איז אבער אין די לעצטע יארען פארשטומט געוואָרן, ניט געווען קיין איין צייטשריפט, וואו א מענש זאל קאָנען ארויסזאָגן, וואס אים פרעסט אויף׳ן הארצן. און פרישמאַן האט געשוויגן. נאר זעלטן־ווען האט ער אין פריוואט־געשפרעכן מיט גוטע פריינד אמאָל ארויסגעוואָרפן עפיס א דבור, דורכגעזויגן דורך די ליפען ניט־ווילענדיג און מייסטענס צופעליג. דאס איז אבער געווען נאר „דאס שיטערע״; דאס

„געדיכטע" איז פארבליבן בא אים אין הארצן. נאר אין דער טרויעריגער שטימונג און אין די צאַרניג־פינקעלנדע אויגן האט מען עס געשפירט, אז עפּיס איז דא בא אים ניט־דערזאָגטעס, עפּיס אזוינס וואס רייסט זיך בא אים פון דער נשמה, נאר ס׳קאן זיך נאָך ניט ארויסרייסן. אין דער מיט איז ער געשטאָרבן.

איינזאם איז ער געשטאָרבן אין דעם רוישענדיגן בערלין, אין דעם נייעם צענטר, וואו ס׳איז פארזאמעלט כמעט דער גאנצער רעשט פון דער העברעאיש־שרייבענדער משפחה און א גרויסער טייל אויך פון די יידישע שרייבער. די קליקענווירטשאפט און כנופיה־פּאָליטיקעריי און יד־אחת־פארבאנד איז אויך דא אלמעכטיג און סוף כל סוף האבן זיך ארום פרישמאנ׳ס קבר געפינען נאר זעהר ווינציג עהרליכע פריינד און פארעהרער, וואס האבן פרישמאנען מיט׳ן גאנצן אמת געאכטעט און ריכטיג פארשטאנען. דערפאר אבער האט זיין טויט דערוועקט אויפריכטיגן טרויער אין די ברייטעסטע לעזער־קרייזן אין דער גאנצער וועלט.

פרישמאן געהערט בעצם, לויטן גאנצן מהות פון זיין ליטערארישער פיזיאָנאָמיע און לויט דעם סכום פון זיינע ליטערארישע לייסטונגען, דער העברעאישער ליטעראטור. אבער ער האט געשריבן ניט ווייניג אויך יידיש, הויפטזעכליך געזעלשאפטליכע און ליטעראריש־קריטישע פעלעטאָנען. אויך אין יידיש האבן מיר פאר זיך דעם אויסגעפּרעגטן טיפּ פון פרישמאנישען סטיל און ארט שרייבן, די ראפינירטע זאץ־ווענדונג, דעם פיינעם וויץ און דעם עלעגאנטן אבער פאר־ניכטענדען שמייכל פון זיין קריטיק. דער יידישער פרישמאן איז אין כמות קיין ערך ניט קליינער פונ׳ם העברעאישן, אבער אין איכות שטייט ער אים לחלוטין גלייך. געניי דערזעלבער מייסטער פון שפּראך און קינסטלער פון בילד און פיינשמעקער און תמיד עהרליכער און מוטיגער קעמפּפער פאר זיין אמת. פאר׳ן יידיש־לעזער איז פרישמאן׳ס טויט פונקט אזא פארלוסט ווי פאר׳ן העברעאיש־לעזער. מיר האבן אלע אין אים פאר־לוירען איינעם פון די שענסטע גייסטער אין אונזער נאציאָ־נאלער קולטור.

משה קליינמאן.

# קונסט און ליטעראטור כראניק.

— דעם 2־טן יאנואַר איז געעפענט געוואָרן אין בערלין, אין דער אַמאָליגער גאַלערייע פון וואַן־דיעמען, די בילדער אויסשטעלונג פון מאַרק שאַגאַל. זי ווייזט צומייסטן די ארבייטן פונ׳ם קינסטלער אין דעם פעריאָד פון די יאָרן 1914—1917 (זעה די בילדער אויף ז. 19 און ז. 20), וועלכע ער האָט געשאַפן, צוריקקומענדיג פון פאריז אהיים קיין וויטעבסק. דאָס איז געווען זעהר א פרוכטבארער פעריאָד, אין וועלכער שאַגאַלס פערזענליכקייט איז אויסגעוואקסן צו זיין פולער מייסטער־שאפט. די נייסטע שאפונגען פונ׳ם קינסטלער, זיינען פארבליבן אין רוסלאנד, אפּגעקויפט פון דער רוסישער מלוכה. שאַגאַל איז געקומען ערשט ניט לאנג קיין בערלין און רעכנט אויסצושטעלן זיינע בילדער אויך אין פאריז, לאָנדאָן און אמעריקאַ.

— אין נאָוועמבער און דעצעמבער פ. י. איז אין בערלין פאָרגעקומען, אין דער אמאָליגער גאלערייע פון וואַן־דיעמען, די ערשטע רוסישע קונסטאויסשטעלונג פון נאָך׳ן קריעג. אין דער אויסשטעלונג האבן זיך באטייליגט איייניגע יידישע קינסטלער, ווי שאַגאַל, שטערענבערג, אַלטמאַן, ליסיצקי, גבא, טשייקאָוו און אנדערע. א געניטערע אָפּשאצונג פון די ארבייטן פון די יידישע קינסטלער געבן מיר אויף זייט 14.

— אין מיטן דעצעמבער איז אין דער קנעדלער גאלערייע, אין ניו־יאָרק, פאָר־געקומען א אויסשטעלונג פון לעאָן באַקסט׳ס ווערק. ס׳זיינען אויסגעשטעלט טעאטער־דעקאָראציעס, קאָסטיום־שטודיען און צייכנונגען. לעאָן באַקסט געפינט זיך אצינד אין ניו־יאָרק.

אין קאָגאַנ׳ס פארלאג „רוסישע קונסט" איז נאָר וואָס ערשיענען א גרויסע, רייך־אילוסטרירטע מאָנאָגראפיע איבערן קינסטלער פון אנדריי לעווינזאָן אויף ענגליש.

— אין כריסטיאניא און אין שטאָקהאָלם וועט בקרוב פאָרקומען א אויס־שטעלונג פון די גראפישע ווערק פון דער קינסטלערין רחל שליט־מאַרקוס. אחוץ די ליטאָגראפיעס, וועלכע זיינען שוין אויסגעשטעלט געווען בא גילדענדאל אין בערלין, קומען דאָרט צו דער אויסשטעלונג נאָך פּאָרטרעט־שטודיען און אילו־סטראציעס צו דער אויסגאבע פון רֶב נחמן בראַצלאַווער׳ס ספורי מעשיות, וועלכע עס גרייט צו דער רמון־פאַרלאַג.

פון דערזעלבער קינסטלערין איז איצט ערשיענען אין „כלל־פארלאג" אַ מאפּענווערק „מענשעלאַך און סצענעס", זעכצעהן צייכנונגען צו שלום־עליכם׳ס ווערק: „מאָטל פייסי דעם חזנ׳ס יינגל". עס ענטהאלט אויך דאס בילד „אין עמיגראנטן־ביראָ", וועלכעס איז אָפּגעדרוקט געווען אין „מילגרוים" און אין „רמון" העפט 2. וועגן דעם דאָזיגן ווערק וועלען מיר נאָך רעדען.

— בא דער געלעגענהייט, וואָס מ׳האט אויסגעגראָבן דעם קבר פון פרעה־תות־אַנך־אמון, וועלכעס האט אין דער וויסענשאפטליכער וועלט ארויסגערופן אזא גרויס אויפזעהן, — איז כדאי צו דערמאָנען, אז דעם דאָזיגן פרעה׳ס שוויגער־פאָטער און פאָרגענגער אויף׳ן טראָן, פרעה־אמונפית דער פיערטער, וואָס זיין קבר איז געפינען געוואָרן אין יאָר 1906, פארדינט אייגענטליך מער אינטערעס. דער דאָזיגער פרעה האָט שוין אין דער ערשטער העלפט פונ׳ם 14־טן יארהונדערט פאר דער געוויינליכער צייטרעכנונג, איינגעפירט דעם קולט פון א איינציגן גאָט אמון, און האָט פאר אים מחבר געווען א שיר־תהלה, וועלכער איז שטארק עהנליך צום קאפּיטל תהלים ק״ד (אָדער פארקערט). דער העברעאישער דיכטער טשערניכאָווסקי האט דאס דאָזיגע געדיכט איבערגעזעצט אין העברעאיש און ער האט ניט געקאנט זיך אָפּהאלטן פון באנוצן גאנצע פסוקים פון תהלים. טשערניכאָווסקיס איבער־זעצונג ערשיינט אין פיערטן העפט „רמון".

— די צוויי קאָלאָסאלע זיצענדיגע סטאַטועס פון מערנעפּטאַ, וועלכן מ׳האלט פאר דעם פרעה פון יציאת מצרים, האט די עגיפּטישע רעגירונג אוועקגעשענקט דעם מעטראָפּאָליטאַן־קונסט־מוזייאום אין ניו־יאָרק. די סטאטועס האבן געהערט צום מזרח־טויער פונ׳ם טעמפּעל אין לוקסאָר.

— אין „אמעריקאַן היברױ" פון 29־טן דעצעמבער ווערט באשריבן די ביבעל־אויסשטעלונג פון דער „פּובליק ליברערי" אין ניו־יאָרק. צווישן די אויסגעשטעלטע זעלטענע זאַכן געפינען זיך: ראָלען פון ספרי־תורות אויף העברעאיש, א סאַמאַרי־טאנישער חומש, אלטע גריכישע און לאַטיינישע תנ״ך׳ן, די בארימטע גוטענ־בערגשע ביבעל פונ׳ם יאָר 1453—1455 (דאס ערשטע בוך, וואס איז ארויס פון דרוק), די לוטער־ביבעל פונ׳ם יאָר 1534. פון די נייערע ביבעל־אויסגאבן פאר־דינט דערמאָנט צו ווערן די, וועלכע איז ניט לאנג ערשיענען בא דער יידישער פּובליקאציאָנס־געזעלשאפט אין אמעריקא. די ערשטע ביבעל, וואס איז געדרוקט געוואָרן אין אמעריקא איז דער אינדיאנער תנ״ך פון יאָר 1663, ארויסגעגעבן דורך דזשאָן עליאָט. צווישן די אילומינירטע כתב־יד׳ן איז באמערקענסווערט די ביבעל־האנטשריפט, וועלכע האט געהערט צו דיאנע דע פּאָאַטיער, די געליבטע פון קעניג הענרי דעם 2־טן. די ערשטע אויסגאבן פון דער ביבעל אויף טשעכיש, צערקאָוונע־סלאוויש, דעניש, האָלענדיש, שוועדיש, איסלענדיש, איריש, וועלשיש, שפּאניש, אראביש, ארמעניש, פּערזיש, סיריש, כינעזיש און אנדערע שפּראכן, באווייזן ווי פריה און אלגעמיין ס׳האט זיך אָנגעהויבן די פארברייטונג פונ׳ם „בוך דער ביכער". א באזונדערע גרופּע בילדן די געפעהלערטע תנ״ך׳ן, איייניגע פון די דרוקפעהלער זיינען פשוט פאַטאַל. אָט איז, צום ביישפּיל, א ענגלישע ביבעל פון יאָר 1631 און א דייטשע פון יאָר 1731 און מערקווירדיג — אין ביידע דערזעלבע פעהלער: דער „לא" אינ׳ם 7־טן געבאָט פעהלט.

א שאָד, וואס די העברעאישע תנ״ך׳ן גופא זיינען אויף דער אויסשטעלונג קנאַפּ פאָרגעשטעלט.

— דער קאָמיטעט פון דער יידישער קונסטאויסשטעלונג אין ווארשא בעט די יידישע קינסטלער פון אלע לענדער, וועלכע ווילן טיילנעמען אין דער אויס־שטעלונג, זיך ווענדן צום אויסשטעלונגס־קאָמיטעט אויף פאָלגענדען אדרעס:

**Komitet Żydowskiej Wystawy Sztuki, Warszawa, Grzybowska 26.**

ר. ה.